מ. ווײַנרײַך

# די שוואַרצע פּינטעלעך

מ. ווײַנרײַך

# די שוואַרצע פּינטעלעך



ווילנע / 1939
ייִדישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט
ביבליאָטעק פֿון ייִוואָ
פּאָפּולערע סעריע

93 געמעלן אין טעקסט




*M. WEINREICH*
*Di švartse pintelex*
„CZARNE KROPKI"—
Dzieje pisma
"THE BLACK POINTS":
The Story of Writing
Wilno 1939.
Żydowski Instytut Naukowy (Jiwo) / The Yiddish Scientific Institute (Yivo)

drukarnia d. krejnesa, wilno
דרוק ד. קריינעס, ווילנע
PRINTED IN POLAND

# אינהאַלט:

זייטל

## I ערבֿ שריפֿט

קײַקעלעך

מיר זײַנען שוין הײַנט אַזוי אײַנגעוויינט אין דער קונסט פֿון שרײַבן, אַז מיר האָבן באַלד פֿאַרגעסן, אַז דאָס איז אַ קונסט. אין אָפּגעשטאַנענע לענדער, אַ שטייגער אין דעם אַלטן רוסלאַנד, פֿלעגט מען נאָך פֿרעגן אַ מענטשן בײַ געוויסע געלעגנהייטן, צי ער איז אַ שריפֿטיקער (אַ „גראַמאָטנער" האָט זיך דאָס גערופֿן). ניט קיין שריפֿטיקער פֿלעגט שטעלן דרײַ צלמלעך אַנשטאָט אַ חתימה; אַ פֿרומער ייִד פֿלעגט שטעלן דרײַ קײַקעלעך. הײַנט איז שוין דאָס אויך אָפּגעפֿאַלן: ווען מען ברענגט אײַך, לאָמיר זאָגן, אַ רעגיסטרירטן בריוו, וועט מען אײַך ניט פֿרעגן, צי איר קענט שרײַבן, צי ניט; דער בריוון־טרעגער רוקט אײַך אונטער די קבלה צום אונטערשרײַבן, און שוין. קענען לייענען און שרײַבן איז געוואָרן אַ זאַך וואָס יעדערער דאַרף קענען אַזוי ווי ריידן.

ממילא פֿאַרגעסט מען, וואָס פֿאַר אַ גרויסער נס עס האָט זיך געטראָפֿן מיט דער מענטשהייט, וואָס זי איז געקומען צו שריפֿט. וואָס וואָלטן מיר געוווּסט וועגן פֿאַר־גאַנגענע זאַכן, ווען מען וואָלט אַלצדינג געדאַרפֿט האַלטן אויפֿן קאָפּ? און ניט נאָר די צײַט נאַרן מיר אָפּ מיטן פֿאַר־שרײַבן, נאָר אויך דעם מהלך: ווי אַזוי וואָלטן מיר געקענט אַריבערשיקן אונדזערע אינפֿאָרמאַציעס אין די ווײַטסטע מקומות אַנדערש ווי דורך בריוו אָדער צײַטונגען? אוודאי זײַנען דאָ נאָך וועגן פֿון אינפֿאָרמירן אויך: מען קען שיקן

אַ שליח, ער זאָל איבערגעבן אַלצדינג מיטן מויל; אויך פֿאַרמאָגן מיר היינט טעלעפֿאָן און ראַדיאָ. אָבער ס'איז געווען צו פֿאַרגלייכן אַ שריפֿטלעכע איבערגעבונג מיט אַן איבערגעבונג פֿון מויל צו אויער, דערקענט מען באַלד דעם אונטערשייד. ווען מיר ווילן פֿאַרגעדענקען עפּעס אויף זיכער מיט אַלע פּרטים, ווען מיר זיך בעסער פֿאַרצייכענען דאָס אויפֿן פּאַפּיר. די שריפֿט איז טאַקע אַ מאַגאַזין פֿון זכּרון, ווי איינער אַ פֿאָרשער האָט זיך אויסגעדריקט.

אמת, סאַמע גוטס נאָר אַליין קען אויף דער וועלט ניט באַשטיין. דער גריכישער פֿילאָסאָף פּלאַטאָן ברענגט אַ מיצרישע לעגענדע, אַז ווען דער גאָט טאָט האָט אויס־געפֿונען די שריפֿט, האָט אים יעמאָלט אַן אַנדער גאָט פֿירגעהאַלטן, אַז ער האָט געטאָן ניט גוט, ווייל איצט וועלן זיך מענטשן אין גאַנצן פֿאַרלאָזן אויף זייערע פֿאַר־שרייבונגען און דערפֿון וועט שטאַרק אָפּגעשוואַכט ווערן זייער זכּרון. אין דעם איז זיכער פֿאַראַן אַן אמת. מיר ווייסן אַלע פֿון לומדים פֿון עלטערן דור, וואָס האָבן געקענט אויף אויסנווייניק ניט נאָר גאַנץ תּנך, נאָר גאַנצע מסכתּאס גמרא אויך. געווען בריות וואָס האָבן געקענט „אויף דער נאָדל”: אויב מען האָט אויפֿגעעפֿנט אַ גמרא אויף דף (בלאַט) ל (=30) און דורכגעשטאָכן מיט אַ נאָדל פֿון דף ל ביז דף ק (=100), האָבן זיי געקענט זאָגן, וואָס פֿאַר אַ וואָרט די נאָדל האָט דורכגעשטאָכן אויף יעדער דף. און אַזוי זיינען זיי געווען קלאָר אין הונדערטער בלעטער! צווישן היינטיקע מענטשן, וואָס ווי נאָר וואָס כאַפּן זיי זיך צום נאָטיצן־ביכל, וועלן מיר שוין אַזעלכע בעל־זכּרונס ניט געפֿינען.

עס איז אָבער קלאָר פֿאַר יעדער איינעם, אַז די געווינסן וואָס די מענטשהייט האָט באַקומען פֿון דער שריפֿט זײַנען אָן אַ שיעור גרעסער איידער דער אָנווער. אָן דער קונסט פֿון שרײַבן און לייענען וואָלטן מיר הײַנט געשטאַנען אויף דער מדרגה פֿון אַ וואָסער נעגערשן שבֿט אין צענטראַל־אַפֿריקע — ניין, נאָך נידעריקער. ווײַל מיר וואָלטן אַפֿילו ניט געהאַט לעבן זיך קיין אייראָפּעער, פֿון וועלכע מיר זאָלן קענען עפּעס אָפּלערנען.

## אותיות און בילדער

ניט מיט איין מאָל זײַנען מענטשן דערגאַנגען צו דעם וואָס עס זעט הײַנט אויס אַזוי פּשוט אַפֿילו בײַ זעקסיאָריקע קינדער. ווען מיר ווילן אַ קוק טון אויף דער געשיכטע פֿון שריפֿט, קומט אונדז אויס דורכצושפּרײַזן פֿיל טויזנטער יאָרן, און מיר שטעלן זיך אָפּ פֿאַרוווּנדערטע בײַ די פֿאַר־צײַטיקע מענטשן וואָס האָבן אויף די ווענט פֿון זייערע היילן איבערגעלאָזן בילדער, פֿון וועלכע מען ווערט נאָך הײַנט ניתפּעל. דאָס זײַנען בילדער אויסגעקריצטע אויף פֿעלדזן, און זיי דערציילן וועגן אַ געיעג, וועגן אַ טשערעדע וואָס פּאַשעט זיך און דאָס גלײַכן. טיילווײַז זײַנען דאָס שוין זיכער אינפֿאָרמירונגען פֿאַר די מענטשן וואָס האָבן שפּעטער געדאַרפֿט קומען אין דער הייל אַרײַן, און אויך פֿאַר קומעדיקע דורות.

מיר זײַנען הײַנט צוגעוויינט, אַז שרײַבן שרײַבט מען מיט אותיות, און דעריבער לייגט זיך אונדז ניט אויפֿן שׂכל אין דער ערשטער מינוט, אַז בילדער זײַנען אויך אַ שריפֿט. אָבער וואָס דען זײַנען די בילדערביכער, וואָס אונדזערע

קינדער ווערן פֿון זיי פֿאַרכאַפּט לאַנג איידער זיי קענען איבערלייענען אַן אות? און צי באַקומען מיר ניט אַ מאָל פֿון אילוסטרירטע זשורנאַלן פּונקט אַזאַ אינפֿאָרמאַציע ווי פֿון לייענען אַ צײַטונג? אָדער נעמט אַזאַ זאַך: ווען איר גייט איבער אַ ניו־יאָרקער גאַס און איר זעט אַ ווײַס־רויט־בלוי קלעצל וואָס דרייט זיך פֿאַר דער טיר פֿון אַ געשעפֿט, ווייסט איר שוין, אַז דאָ ווױנט אַ שערער, אַפֿילו ווען עס שטייט ניט אָנגעשריבן קיין שום זאַך. דאָס קלעצל וואָס דרייט זיך האָט איר איבערגעלייענט „שערערײַ". אויף פּויליש הייסט אַ שערער „פֿריזיער" (דאָס וואָרט שטאַמט פֿון פֿראַנצייזיש, נאָר דאָס גייט אונדז איצט ניט אָן). טראָגט אָבער אַריבער דאָס קלעצל פֿון ניו־יאָרק קיין וואַרשע, וועט קיינער דאָס ניט קענען איבערלייענען. אין וואַרשע ווידער וועט יעדער פּאָליאַק „איבערלייענען" דאָס וואָרט „פֿריזיער", אויב ער וועט זען הענגען איבער אַ געשעפֿט אַ קליינעם מעשענעם בעקן. מיט אַנדערע ווערטער: דאָס קלעצל אין אַמעריקאַנער ענגליש און דער מעשענער בעקן אין פּויליש האָבן דעם זעלביקן פּשט ווי די אָנגעשריבענע ווערטער „באַרבער" אין ענגליש און „פֿריזיער" אין פּויליש.

וואָס ווינציקער אַ לאַנד איז שריפֿטיק, אַלץ מער קומט עס אָן בלית־ברירה צו בילדער. אין אַ ייִדישן שטעטל ביז דער מלחמה פֿלעגט אַ שוסטער חיים־טאָדרעס זעלטן אַרויס־שטעלן אַ שילד מיטן אויפֿשריפֿט: „חיים־טאָדרעס, שוסטער". ער האָט געוווּסט, אַז דער גרעסטער טייל עולם וועט זיך אויף אַזאַ אויפֿשריפֿט ניט אומקוקן; אַנשטאָט דעם פֿלעגט ער בעסער אַרויסהענגען אַ שילד מיט אַ שטיוול — דאָס

פֿאַרשטייט יעדערער. און אַזוי פֿלעגט אַ שנײַדער לאָזן אויסמאָלן אויפֿן שילד אַ יונגן־מאַן אַן אויסגעפּוצטן אין עסיק און אין האָניק; אַ היטל־מאַכער פֿלעגט זיך געבן צו דערקענען דורך עטלעכע קאַפּעלושן; אַ שירעם־מאַכער דורך אַ שירעם. אין גאַנצן איז דער גאַנג נאָך ביז הײַנט ניט בטל געוואָרן.

## קניפּלעכשריפֿט

בילדער זײַנען אָבער שוין אויך אַ הויכע מדרגה. עס קען געמאָלט זײַן, אַז מענטשן קומען אָן צו נאָך פּרימיטי־ווערע מיטלען און האָבן דערפֿון אויך אַ נוץ.

ווען מיר דאַרפֿן פֿאַרגעדענקען עפּעס אויף מאָרגן, מאַכן מיר אַ קניפּל אין טיכל; אין גרונט איז דאָס די זעלבע זאַך ווי אַ נאָטיץ וואָס מיר פֿאַרשרײַבן אין נאָטיצן־ביכל. עס שטעקט אין דעם מיסתּמא — אַזוי זאָגן די פֿאָרשער — אַ רעשט פֿון אַן אַלטער כּישוף־צערעמאָניע, ווײַל בײַ אַ סך פֿעלקער, אָנהייבנדיק פֿון אַלטן בבֿל נאָך, איז פֿאַראַן אַ גלויבן, אַז דורך פֿאַרבינדן אַ קנופּ קען מען צווינגען אַ מענטשן צו טון אָדער ניט צו טון עפּעס.

אָבער ווען מיר מאַכן דאָס קניפּל, ליגט אונדז שוין ניט אין זינען קיין כּישוף, מיר לענען נאָר אונטער אונדזער זכּרון, ווײַל מיר האָבן מורא, אַז ווען ניט דער סימן קענען מיר פֿאַרגעסן. נו, זײַנען פֿאַראַן פֿעלקער, וואָס די דאָזיקע קניפּלעך זײַנען זייער איינציקער מין שריפֿט. מענטשן וואָס זײַנען געפֿאָרן דורך סיביר דערציילן, אַז בײַ די טונגוזן, די יאַקוטן און אַנדערע דאָרטיקע שבֿטים איז אָנגענומען צו ציילן מיט דער הילף פֿון שנורן: אויב אַ יאַקוט האָט

געפֿירט אַן אייראָפּעער אויף זײַן שליטן און האָט ניט באַלד באַקומען באַצאָלט, מאַכט ער אַ קניפּל אין אַ ספּעציעלן שנור. בײַ די כינעזער דערציילט מען, אַז איידער זיי האָבן זיך אויסגעלערנט שרײַבן (דאָס הייסט מיט עטלעכע טויזנט יאָר צוריק), האָבן זיי זיך אויך באַנוצט מיט אַזאַ מין קניפּלעך־סיסטעם.




געמעל 1

די אַנטוויקלטסטע „קניפּלעכשריפֿט" איז באַקאַנט פֿון דער מלוכה פֿון די אינקעס—די אַלטע אײַנוווינער פֿון פּערו, דרום־אַמעריקע, איידער די שפּאַניער האָבן פֿאַרכאַפּט דאָס לאַנד מיט 400 יאָר צוריק. די געלערנטע, צום גרעסטן טייל אַמעריקאַנער, וואָס האָבן אויסגעפֿאָרשט די שפּורן פֿון דער אַלטער אינקע־קולטור אין פּערו, האָבן דאָרטן געפֿונען

בינטלעך געקניפּלטע שנורן, וואָס ווײַזן אָן אויף אַ גאַנץ קאָמפּליצירטער סיסטעם פֿאַרצווײַגונגען. פֿון דעם געמעל 2, וואָס מיר גיבן דאָ, קען מען זען, אַז צו איין גרעבערן הויפּטשנור זײַנען צוגעפּעסטיקט אַ סך דינערע פֿעדעם,



געמעל 2

קירצערע און לענגערע, וואָס זײַנען ווידער אַ מאָל איינ־געקניפּלט און טיילווײַז פֿאַרבונדן צווישן אַנאַנד אויך.

די דאָזיקע דינערע פֿעדעם זײַנען נאָך דערצו פֿון פֿאַרשיידענע קאָלירן: רויט, גרין, בלוי, ווײַס.

בײַ די אינקעס זײַנען געווען ספּעציעלע באַאַמטע, וואָס זייער אַרבעט איז געווען צו בינדן און צו לייענען די קניפּלעך. עס ווײַזט אויס, אַז די גאַנצע סטאַטיסטיק פֿון דער אינקישער מלוכה — און ס'איז געווען אַ רײַכע, אַ בליִענדיקע מלוכה — איז געווען פֿאַרקניפּלט אין די דאָזיקע שנורן. ווען די פֿירער פֿון דער מלוכה האָבן געדאַרפֿט האָבן סטאַטיסטיק וועגן דער צאָל אײַנוווינער, וועגן די אָפּגעצאָלטע שטײַערן, וועגן דעם סכום וואָפֿן אאַז״וו, האָבן זיי זיך געווענדט צו די קניפּלעך־היטער. אויב אַזאַ „געשניר" האָט אַ שטייגער געדאַרפֿט ווײַזן די אײַנוווינערשאַפֿט פֿון אַ פּלאַץ, האָט דער ערשטער פֿאָדעם באַצייכנט די זקנים פֿון זעכציק יאָר און עלטער; אינעם צווייטן פֿאָדעם האָט מען געמאַכט אַזוי פֿיל קניפּלעך, וויפֿל עס זײַנען געווען אין דעם פּלאַץ 50־יעריקע, און אַזוי ווײַטער, ביז וואַנען מען האָט אין לעצטן פֿאָדעם געמאַכט אַזוי פֿיל קניפּלעך, וויפֿל מען האָט בײַ דער ציילונג געפֿונען זייגקינדער.

## שלוחים־שטעקלעך

בײַ פֿאַרשיידענע פּרימיטיווע שבֿטים — איבער הויפּט קענטיק אין אויסטראַליע — זײַנען פֿאַרשפּרייט שלוחים־שטעקלעך. אויב עס קומט אויס איבערצושיקן צו עמעצן אַ ידיִעה, גיט מען מיט דעם שליח אַ שטעקל, וואָס אויף דעם זײַנען אויסגעשניצט פֿאַרשיידענע פּאַסיקלעך און פּינטעלעך. די געלערנטע האָבן זיך לאַנג געשלאָגן מיט

דער דעה, ווי אַזוי אויסצוטײַטשן די דאָזיקע שניצערײַען. געווען פֿאָרשערס וואָס האָבן געוואָלט אַרײַנטײַטשן אין דעם אַ ספּעציעלן אַלף־בית. איצטער ווייס מען, אַז דאָס איז אַ סך פּשוטער: די פּאַסיקלעך און קײַקעלעך זײַנען ניט מער ווי אַן אָנשפּאַר פֿאַרן זיכרון — פּונקט ווי די קניפּלעך בײַ די אינקעס. אָט איז למשל אויף געמעל 3 אַ שלוחים־שטעקל וואָס ווערט געבראַכט אין אַ סך ביכער וועגן



געמעל 3

אויסטראַליע. דאָס שטעקל האָט געטראָגן מיט זיך אַ שליח וואָס האָט געדאַרפֿט אַרויס־רופֿן פֿאַרשיידענע מענער פֿון דעם שבֿט באַינדזשי אין קווינסלענד אויף אַ פֿאַר־זאַמלונג. די פֿיר פּאַסיקלעך וואָס זײַנען באַצייכנט מיט א באַטײַטן בערגלעך זאַמד; ב איז אַן אויסגעטריקנט ריטשקעלע; ג באַטײַט ווײַטער בערגלעך. דורך די דרײַ צייכנס א, ב, ג איז באַשטימט דער פּלאַץ, ווו עס געפֿינט זיך דער הויפּטלאַגער פֿון די באַינדזשיס. די פֿיגורן ד, ה, ו, ז באַצייכענען פֿאַרשיידענע ערטער, ווו די מענער פֿונעם שבֿט וועלן דאַרפֿן פֿאַרבײַגיין אויף זייער וועג (ז איז אַ טײַך, אָבער ניט קיין אויסגעטריקנטער). די פֿיגור ח (די צוויי איבערגעצלמטע שטעקלעך) באַצייכנט דעם פּלאַץ, ווו מען דאַרף זיך אויפֿקלײַבן.

בשום־אופֿן טאָר מען דאָס ניט פֿאַרשטיין אַזוי, אַז ווען דער שליח זאָל געווען אָפּגעבן דאָס שטעקל בײַ די מענטשן, צו וועלכע ער איז געקומען, וואָלטן זיי געקענט „איבערלייענען" די סימנים; ווען איר זעט אַ קניפּל

אין מײַן נאָזטיכל, קענט איר ניט וויסן, צוליב וואָס איך האָב דאָס קניפּל געמאַכט. מערניט דער שליח גופא קען האָבן אַ נוץ פֿון דעם שטעקעלע: קוקנדיק דערויף דערמאָנט ער זיך אין זײַן שליחות.

## קאַרבן־שטעקלעך

נאָך פּשוטער זײַנען די קאַרבן־שטעקלעך וואָס זײַנען נאָך בײַ הײַנטיקן טאָג פֿאַרשפּרייט אין אַזיע, אַפֿריקע, אויסטראַליע און זײַנען ביז ניט לאַנג געווען שטאַרק אָנגענומען אין אַלע לענדער פֿון אייראָפּע אויך.

„קאַרבן" מיינט: מאַכן אַן אײַנשניט מיט אַ מעסער אָדער מיט אַן אַנדער אינסטרומענט; אויב מען האָט גערופֿן די אַלטע רוסישע רובלס קאַרבן, איז דאָס דערפֿאַר, ווײַל זייער שמאָלער ברעג האָט געהאַט אַזעלכע אײַנשניטן. אין מיטל־עלטער האָט דער שטײַער־מאָנער געהאַט פֿאַר איטלעכן שטײַער־צאָלער אַ באַזונדער שטעקל, און בײַ יעדער באַצאָל פֿלעגט דער אײַנעמער מאַכן אַ נײַעם אײַנשניט אין דעם שטעקל. מען זאָגט, אַז אין ענגלאַנד האָט מען זיך נאָך ביז אין 19טן יאָרהונדערט אַרײַן אַזוי נוהג געווען, הגם מען האָט שוין לאַנג געקענט שרײַבן; ווײַל אין ענגלאַנד האָט מען פֿײַנט צו ברעכן טראַדיציעס.

אין באַציִונגען צווישן פּריוואַטע מענטשן האָט מען דאָס קאַרבן־שטעקל אויסגעפֿאַרטיקט אַ ביסל אַנדערש. אויב אַ פּויער האָט למשל אין אַ שענק געמאַכט זײַנע שנעפּסלעך אויף באָרג, האָט דער בעל־הבית גענומען אַ שפּענדל, געשפּאָלטן דאָס אין צווייען און דערנאָך יעטווידער מאָל בײַם אײַנשנײַדן די קאַרבן צונויפֿגעלייגט ביידע

העלפֿטן פֿון דעם שפּענדל צוזאַמען. דער בעל־חוב איז געווען מחויבֿ צו צאָלן מערניט פֿאַר יענע קאָרבן וואָס זײַנען געווען איןביידע העלפֿטן; ווײַל אויב דאָס קאָרבן־שטעקל זאָל געווען בלײַבן בײַם שענקער, וואָלט ער דאָך געווען געקענט דאָרטן אײַנקאַרבן שנעפּסלעך וואָס דער פּויער האָט קיין מאָל אין האָלדז ניט געהאַט.

ט אַ ט ו ־ ר ו נ ג

אַן אָנצוהערעניש אויף שריפֿט קען מען זען אויך אין דעם מינהג פֿון טאַטויִרן, וואָס מיר געפֿינען בײַ פֿאַר־שיידענע· פּרימיטיווע פֿעלקער און אויך בײַ מאַטראָסן, אונטערוועלט־מענטשן אאַז״וו אין אייראָפּע און אַמעריקע. אָפֿט מאָל קריצט מען זיך אויס פֿאַרשיידענע פֿיגורן אָדער סימנים אויף דער הויט טאַקע בלויז צוליב באַפּוצונג. אָבער גענוג אָפֿט באַצייכנט די דאָזיקע „הויטשריפֿט״ די צוגעהע־ריקייט צו אַ געוויסן שבֿט אָדער דעם מענטשנס ייִחוס אין דעם שבֿט גופֿא. די טאַטויִרונגען זײַנען הייסט עס אַן ערך דאָס אייגענע וואָס די „ציוויליזירטע״ פֿעלקער דריקן אויס דורך מעדאַלן און אָרדנס, דורך עפּאָלעטן אָדער דורך בענדלעך.

בײַ טייל אינדיאַנער שבֿטים אין צפֿון־אַמעריקע איז געווען אָנגענומען איבערצושיקן ידיעות דורך אַ ספּעציעלן סאָרט גאַרטלען פֿון מויער־קעפּלעך. די דאָזיקע גאַרטלען רופֿן זיך ו א מ פּ ו ם ־ ג אַ ר ט ל ע ן, וואָרעם אויף דער שפּראַך פֿון דעם שבֿט איראָקעזער הייסט אַ מויער־קעפּל ו א מ פּ ו ם. דאָס געמעל וואָס מיר גיבן דאָ ווײַזט, ווי אַזוי אַזאַ גאַרטל האָט אויסגעזען. ער באַשטייט פֿון עטלעכע



געמעל 4

שנורן פֿאַרשיידן־קאָליריקע מויער־קעפּלעך און פּאַטשערקעס. לכתחילה זײַנען אַזעלכע שנורן געווען בלויז אַ מין צירונג. נאָר בײַ די שבֿטים פֿון די איראָקעזער, אַלגאָנקין און אַנדערע האָט דער ווײַסער קאָליר צו ביסלעך באַקומען דעם באַטײַט פֿון גליק, געזונט, שלום; רויט איז געוואָרן אַן אָנווײַז אויף מילחמה; שוואַרץ — אויף סכּנה אָדער פֿײַנדשאַפֿט; בכלל טונקל — אויף ניט קיין אָנגעלייגטער זאַך (פּונקט אַזוי ווי אַן אָבֿל בײַ אונדז טוט זיך אָן אין טונקעלע מלבושים). ווי באַלד אַזוי, האָט שוין דאָס צושיקן אַ שנור רויטע פּערל אַ שטייגער באַקומען דעם באַטײַט, אַז די צושיקער גייען אַרויס אויף מילחמה. דערנאָך זײַנען די פֿיגורן געוואָרן נאָך קאָמפּליצירטער.

דעם וואַמפּום־גאַרטל וואָס ווערט געוויזן דאָ אויפֿן געמעל האָבן אין יאָר 1682 די איראָקעזער איבערגעגעבן צו וויליאַם פּענ׳ען, דעם גרינדער פֿון דעם שטאַט פּענסיל־וואַניע. דער גאַרטל איז אַ ווײַסער; צוויי שוואַרצע פֿיגורן דריקן זיך די הענט פֿאַר אַ סימן פֿון גוטפֿרײַנדשאַפֿט. די אינדיאַנער האָבן געבראַכט פּענ׳ען דעם גאַרטל אויף צו פֿאַרפֿעסטיקן דעם בונד וואָס זיי האָבן יעמאָלט אָפּגעשלאָסן מיט אים.

## II גערדאַנקען־שריפט

### אַזוי ווי אַ בילדערבוך פֿאַר קינדער

די אַלע מינים אָנשפּאַרן פֿאַרן זיכּרון און אָנזאָגונגען־שלוחים־שטעקלעך, קאָרבן־שטעקלעך, קניפּלעכשנורן, וואַמפּום־גאַרטלען־קען מען אָבער ניט אָנרופֿן שריפֿט ממש. דאָס זײַנען מיטלען וואָס האָבן פֿיל־וויייניק די זעלביקע פֿונקציע ווי שריפֿט, ניט מער.

אַנדערש איז מיט בילדער. דאָ זײַנען מיר שוין אויפֿן גלײַכן וועג צו אונדזער הײַנטיקער שריפֿט. אָבער גענוג ווײַט איז נאָך דער וועג פֿון דאַנען אויך.

וואָס איז דער בולטסטער סימן פֿון אונדזער הײַנטיקן שרײַבן? אַז יעדער איינער וואָס קען נאָר לייענען לייענט איבער דאָס אָנגעשריבענע פּונקט ווי דער צווייטער. ווען איך זאָג „מיר דוכט זיך“, קען איך דאָס זעלביקע איבער־געבן אויף פֿאַרשיידענע אַנדערע אופֿנים אויך. איך וואָלט געקענט זאָגן: „מיר ווײַזט אויס“, אָדער „עס קען זײַן“, אָדער „עס קען געמאָלט זײַן“, אָדער „אפֿשר“, אָדער ווי עס איז אַנדערש. האָב איך אָבער איין מאָל אָנגעשריבן „מיר דוכט זיך“, וועט יעדערער וואָס לייענט ייִדיש איבער־לייענען דאָס דווקא אַזוי, מיט די זעלבע ווערטער. אַנדערש איז מיט בילדער, אַפֿילו ווען זיי זײַנען טאַקע אויסן איבער־צוגעבן עפּעס אַ ידיעה.

מיר דאַרפֿן זיך דאָס פֿאָרשטעלן עלעהיי אַ קינד קוקט אַרײַן אין אַ ביכל מיט בילדער, וואָס צו זיי איז קיין שום טעקסט ניטאָ. אויפֿן בילד איז אויסגעמאָלט אַ פֿרוי וואָס נייט,

אַ מיידעלע וואָס שפּילט זיך מיט אַ ליאַלקע, אַ פֿייגעלע אין שטײַג און אַ הינטל וואָס שפּרינגט אום. בעט דעם פֿינפֿיאָריקן עליק, ער זאָל אײַך דערציילן, וואָס אויפֿן בילד טוט זיך, וועט איר באַקומען דעם ענטפֿער אין גאַנץ פֿאַרשיידענע נוסחאָות. איין מאָל קען דאָס קינד אָנהייבן דערציילן פֿון דער ליאַלקע, אַ צווייט מאָל פֿון דעם הינטל, אַ דריט מאָל פֿון דער מאַמען וואָס נייט — עס ווענדט זיך אין דעם, וואָס עס ציט גראָד צו דעם קינדס אינטערעס. מיט אַנדערע ווערטער — דאָס בילד, אָדער די עטלעכע בילדער, גיבן איבער בלויז אַ געדאַנק אין אַלגעמיין, ניט קיין באַשטימטע צאָל באַשטימטע ווערטער, ווי אונדזער שריפֿט.

## געדאַנקען־שריפֿט אין אַמעריקע

אין דעם ביוראָ פֿאַר עטנאָלאָגיע אין וואַשינגטאָן, ווו גרויסע געלערנטע פֿאַרנעמען זיך מיט פֿאָרשן די קולטור פֿון די אינדיאַנער, זײַנען אויפֿגעקליבן אַ סך מוסטערס פֿון בילדערשריפֿט. לאָמיר נעמען למשל דעם אינדיאַנער בריוו וואָס איז אָפּגעקאָפּירט אויף געמעל 5. דאָס איז אַ בריוו



געמעל 5

פֿון 19טן יאָרהונדערט, וואָס עס שרײַבט אַ פֿאָטער צו זײַן ווײַט אַוועקגעפֿאָרענעם זון. דער פֿאָטער האָט אַ נאָמען וואָס וואָלט זיך געלאָזט אויף ייִדיש איבערזעצן מיט די ווערטער: „שילדקרויט וואָס גייט נאָך זײַן ווײַב"; דער זון הייסט אַ סך פּשוטער: „קליינמאַן".

איצטער קוקט זיך אײַן אין בריוו. לינקס איז אויסגעמאָלט אַ מאַן און איבער זײַן קאָפּ צוויי שילדקרויטן, וואָס איינער גייט נאָך דעם צווייטן; פֿאַרשטייען מיר, אַז דאָס איז דער פֿאָטער, „שילדקרויט וואָס גייט נאָך זײַן ווײַב". דער מאַן רעכטס איז דער זון, „קליינמאַן"; מיר פֿאַרשטייען דאָס פֿון דעם וואָס איבער דעם דאָזיקן מאַנס קאָפּ שוועבט אַ קליין מענטשעלע. איצט ווײַטער. פֿון דעם פֿאָטערס מויל גייען אַרויס ליניעס צום זון, וואָס דאַרפֿן באַטײַטן בערך: „קום צו מיר". דאָס קליינע מענטשעלע וואָס מיר זעען לעבן דעם זונס האַנט איז טאַקע ווידער אַ מאָל דער „קליינמאַן" וואָס לאָזט זיך גיין צום פֿאָטער. נאָר בכדי דער זון זאָל קענען מאַכן די ווײַטע נסיעה, שיקט אים דער פֿאָטער 53 דאָלאַר, וואָס זיי זײַנען אָפּגעמאָלט דורך די 53 קײַקעלעך רעכטס פֿון דעם פֿאָטערס קאָפּ; דאָס געלט איז טאַקע אָנגעקומען דעם זון דורך דער פּאָסט פֿאַר איינס מיטן בריוו.

אַ פֿאַקט איז, אַז דער זון האָט דעם געדאַנק פֿון „בריוו" זייער גוט פֿאַרשטאַנען, אָבער קיין באַשטימטער ווערטער־נוסח איז מיט דעם בילד ניט פֿאַרבונדן. דער טעקסט האָט געקענט זײַן פֿאָרמולירט אויף גאַנץ פֿאַרשיידענע אופֿנים. אַ שטייגער:

„מײַן טײַערער זון קלײנמאַן, קום באַלד צו פֿאָרן. איך שיק דיר 53 דאָלאַר אויף הוצאָות.
פֿון מיר דײַן פֿאָטער
שילדקרויט װאָס גײט נאָך זײַן װײַב".

אָדער:

„דעם בריװ שרײַבט צו קלײנמאַנען זײַן פֿאָטער שילדקרויט װאָס גײט נאָך זײַן װײַב, און ער הײסט אים באַלד קומען אַהײם. אויף הוצאָות באַקומסטו מיט דער פּאָסט 53 דאָלאַר".

אָדער:

„קלײנמאַן! די מינוט קום צו פֿאָרן, װי נאָר עס װעלן דיר אָנקומען די 53 דאָלאַר!
שילדקרויט װאָס גײט נאָך זײַן װײַב".

אויב איר האָט חשק, קענט איר צוקלערן נאָך פֿאַרשיידענע אַנדערע טעקסטן, וואָס אַלע זאָלן האָבן אין זיך דעם זעלבן געדאַנק.



געמעל 6

אַן אַנדער אינהאַלט האָט דער בריוו פֿונעם שבֿט אָדזשיבווייַ לעבן די גרויסע אָזערעס: גיט אַ קוק אויף געמעל 6. דאָס איז אַ ליבעבריוו פֿון אַ מיידל וואָס פֿאַרבעט איר געליבטן צו זיך אין געצעלט. די געליבטע א שטאַמט אָפּ פֿונעם טאָטעם[1] בער (ב); זי און אירעביידע פֿרייַנדינס, ג און ד, זייַנען קריסטינס, וואָס דאָס ווערט באַצייכנט דורך צלמלעך. די שרייַבערין וווינט אין דעם וויגוואַם (געצעלט) ה; איר האַנט אינעווייניק ווייַזט אָן אויף דער פֿאַרבעטונג. די פֿרייַנדינס וווינען אין דעם צווייטן געצעלט (ו). פֿון ביידע געצעלטן פֿירט אַ וועג צום הויפּט־וועג ז; פֿון ביידע זייַטן וועג געפֿינען זיך די אָזערעס ח און ט. דער יונגער־מאַן, צו וועמען דער בריוו איז אַדרעסירט, געהער צו דעם טאָטעם פֿיש (כ), און ער דאַרף קומען מיטן וועג ל.

געוויינטלעך, מען קען שרייַבן מיט אַזוינע בילדער ניט נאָר בריוו, נאָר אויך אַנדערע מינים דאָקומענטן, און מיר זעען טאַקע, אַז בייַ די אינדיאַנישע פֿעלקערלעך פֿון צפֿון־אַמעריקע האָט מען דעם מיטל שטאַרק געניצט.

באַוווּסט זייַנען למשל די אַזוי גערופֿענע „ווינטער־ציילונגען" פֿון דעם אינדיאַנער שבֿט דאַקאָטאַ. דאָס איז אַ מין פּינקס פֿון דעם שבֿט. מען האָט עס אָנגעהויבן „שרייַבן" אין יאָר 1800 און איבערגעריסן אין 1871. אַלע יאָר פֿלעגן זיך צונויפֿקלייַבן די מאַנצבילן פֿונעם שבֿט און אָפּמאַכן צווישן זיך, וואָס עס איז געווען דאָס וויכטיקסטע געשעעניש פֿון דעם יאָר. דערנאָך פֿלעגט מען דעם צייכן

[1] טאָטעם רופֿט זיך אַ נאַטור־זאַך (דאָס רובֿ אַ בעל־חי), וואָס פֿון איר פֿירט אַ גרופּע מענטשן אַרויס איר אָפּשטאַם.

פֿון דעם יאָר אויסשניצן און אויסמאָלן אויף דער פֿעל פֿון א בופֿלאָקס. די יאָרן ווערן גערעכנט ביַי די דאַקאָטאַ לויט ווינטערן, דעריבער האָבן זייערע קראָניקעס באַקומען דעם נאָמען „ווינטער-ציילונגען”. די צייכענונגען וואָס מיר האָבן אַריַינגענומען אין געמעל 7 זיַינען דער טיַיטש:


א

א. 30 דאַקאָטאַ-ליַיט זיַינען דערהרגעט געוואָרן פֿון אַן אַנדער אינדיאַנער שבֿט (דער פֿאַקט האָט געטראָפֿן אין ווינטער 1800–1801).


ב

ב. מען האָט געבראַכט אין די פּרעריעס באַשלאָגענע פֿערד (ווינטער 1802–1803).


ג

ג. אַ פֿאַרפֿלייצונג פֿון דעם טיַיך מיזורי האָט אומגעבראַכט אַ סך דאַקאָטאַ-ליַיט; דאָס איז אויסגעדריקט געוואָרן דורך די קעפּ פֿון די דערטרונקענע, וואָס שטאַרצן אַרויס פֿון וואַסער (ווינטער 1825–1826).




ה

ד. דער ערשטער וויַיסער קאָלאָניסט שטעלט אויף אַ הויז אין דאַקאָטאַ-לאַנד (ווינטער 1828–1829).

געמעל 7

ה. הענדלערס ברענגען די ערשטע וואָלענע קאָלדרעס (ווינטער 1853–1854).

*

אַזוי ווי די אַלע אויסגערעכנטע בילדער דאַרפֿן איבערגעבן ניט קיין באַשטימטע ווערטער, נאָר מערניט באַשטימטע געדאַנקען, קען מען דעם גאַנג פֿון לאָזן וויסן אָנרופֿן מיטן נאָמען געדאַנקען-שריפֿט. די אַמעריקאַנער פֿאָרשער האָבן דערויף דעם נאָמען „קעקיווין”;

דאָס איז אַ וואָרט וואָס איז גענומען ביַים אינדיאַנער שבֿט אָדזשיבוויי, וואָס פֿון זיַין לשון טאַקע נעמט זיך דאָס וואָרט „טאָטעם" אויך.

אָט איז נאָך אַ דוגמא פֿון געדאַנקען־שריפֿט, אויך פֿון דעם זעלבן שבֿט.




געמעל 8

עס ווערט דאָ אויסגעמאָלט דער מילחמה־צוג פֿון די אָדזשיבוויי־אינדיאַנער קעגן דעם שבֿט סו. א איז דער לאַגערפֿלאַץ פֿון די אָדזשיבוויי־לײַט, ב איז זייער הויפּט־מאַן. ביַים טיַיך ג זיַינען זיי אָנגעפֿאַלן אויף די געצעלטן ד פֿון די סו־ליַיט, וואָס זייער הויפּטמאַן איז ה. די אָדזשיבוויי האָבן פֿאַרלוירן איין טויטן (ו); ביַי איינעם פֿון די שׂונאים האָבן זיי אָפּגעהאַקט אַ האַנט (ז) און געבראַכט זי אַהיים פֿאַר אַ טראָפֿעע, אַ צייכן פֿון זיג. די ליניע ח באַצייכנט דעם וועג, ט איז אַ פּרעריע מיט אַ פּאָרביימער לעבן די געצעלטן.

מען דאַרף אָבער כּסדר האָבן אין זינען, אַז די אַלע פֿאָרמען אין דער אַנטוויקלונג פֿון שריפֿט זיַינען ניט באַגרענעצט דווקא מיט איין שבֿט און אַפֿילו ניט מיט איין ראַסע אָדער מיט איין וועלטטייל.

## כּמעט דאָס אייגענע אין אַפֿריקע

אָט געפֿינען מיר אויף טויזנטער קילאָמעטערס ווײַט פֿון די אינדיאַנער, אין צענטראַל־אַפֿריקע, בײַ אַ נעגערשן שבֿט אין ניגעריע אַ מין בילדערשריפֿט — „נזיבידי־שריפֿט" רופֿט מען דאָס — וואָס דינט אויך אויף אויס־צודריקן גאַנצע געדאַנקען. איטלעכע צייכענונג איז אַזוי ווי אַ סימבאָל פֿון אַ געוויסן באַגריף.

מיר זעען מוסטערס פֿון דער נזיבידי־שריפֿט אויף געמעל נומער 9.




די פֿיגור א ווײַזט אַ גאַס מיט מענטשן. ב מאָלט אויס אַ פּאָר־פֿאָלק; זיי געהערן צו אַ ספּעציעלן בונד, וואָס זײַן סימן איז די פֿעדער אין מיטן. די פֿיגור ג באַצייכנט הייסע ליבע צווישן מאַן און ווײַב; דער שטערן אין דעם מגן־דוויד איז אַ סימן אויף אַ געטרײַ האַרץ. די פֿיגור ד סימבאָליזירט די רייד פֿון צוויי עדות וואָס גייען זיך פֿונאַנדער; ביידע קענען ניט זײַן גערעכט—איינער רעדט גלײַך, דער אַנדערער קרום.










געמעל 9

**III זאַצנשריפֿט**

## אין אַמעריקע

ביַי דעם אָקערשט דערמאָנטן אינדיאַנער שבֿט אָדזשיבווײ איז אָבער אַחוץ דעם געדאַנקען־שריפֿט, דעם „קעקיווין", פֿאַראַן נאָך אַן אַנדער סאָרט בילדער, וואָס זיי טראָגן דעם נאָמען „קעקינאָווין". דאָס איז שוין אַ העכערער מין שריפֿט. ער קומט צו נעענטער צו אונדזער גאַנג אין שריַיבן. מיר וואָלטן געקאָנט דעם „קעקינאָווין" אָנרופֿן זאַצנשריפֿט.

מיר קענען זיך דאָס קלאָר מאַכן, אויב מיר וועלן ווידער אַ מאָל אָפּלערנען פֿון אונדזערע קינדער. ווען מיר גיבן אונדזער פֿינפֿיאָריקן קינד אין האַנט אַריַין אַ בילדער־בוך, וווּ עס זיַינען צוגעדרוקט געוויסע פֿערזן אויך, און מיר לייענען עטלעכע מאָל איבער פֿאַר אים די פֿערזן, וועלן מיר זיך גאַנץ גיך כאַפּן, אַז בלעטערנדיק דאָס ביכל זאָגט דאָס קינד די פֿערזן וואָרט ביַי וואָרט, אַזוי ווי זיי שטייען אין בוך. דאָס קינד האָט דערביַי די אילוזיע, אַז ס'לייענט; אין דער אמתן זאָגט עס די פֿערזן אויף אויסנווייניק, וויַיל ביַי אים אין זיכרון איז יעטווידער בילד צונויפֿגעקניפּט מיט אַ באַשטימטער קאָמבינאַציע ווערטער, מיט אַ באַשטימטן זאַץ.

פּונקט דאָס אייגענע זעען מיר ביַי פֿאַרשיידענע אינדיאַנער שבֿטים. פּשוטע מענטשן פֿונעם שבֿט שריַיבן „קעקיווין", דאָס הייסט בילדער וואָס דריקן אויס עפּעס אַ געדאַנק, נאָר קיין פֿעסטער ווערטער־נוסח איז דערמיט ניט

פֿאַרבונדן. די כּוֹהנים אָדער כּישוף־מאַכערס האָבן אַן אַנדער סאָרט בילדערשריפֿט: קוקנדיק אויף זייערע בילדער דערמאָנען זיי זיך אַ באַשטימטן, פֿעסטן טעקסט פֿון אַ זאַך.

פֿאַר אַ משל לאָמיר ברענגען אַ געזאַנג וואָס האָט זיך אויפֿגעהיט בײַם אינדיאַנער שבֿט דעלעווערן, פֿון וועלכן עס זײַנען נאָך ביז הײַנטיקן טאָג איבערגעבליבן אַ מאַן 800 אין דעם שטאַט אָקלאַהאָמאַ. בײַ זיי האָבן זיך אויפֿגעהיט קראָניקעס פֿון זייער געשיכטע נאָך פֿון דער צײַט איידער קאָלומבוס איז געקומען קיין אַמעריקע. אין דעם דאָזיקן לידער־פּינקס ווערט דערציילט וועגן באַשאַפֿן די וועלט און וועגן דעם גרויסן מבול, דערנאָך קומט די געשיכטע פֿונעם שבֿט. די בילדער זײַנען אויסגעמאָלט אויף פֿינף בלעטער בערעזענע קאָרע, און קוקנדיק אויף די בילדער דערמאָנען זיך די דעלעווערן־פֿירער דאָס גאַנצע ליד, וואָרט בײַ וואָרט און מיטן געהעריקן ניגון. פֿון די עלטערע לײַט נעמען דאָס איבער די קינדער. די דרײַ פֿיגורן וואָס מיר ברענגען דאָ אויף געמעל 10 ווײַזן דעם אָנהייב פֿון דער מבול־געשיכטע: ס'האָט אַ פֿלייץ געטון דאָס גרויסע געוויסער; ריזיקע פֿיש פֿרעסן מענטשן; די לבֿנה־פֿרוי ראַטעוועט מענטשן אויף איר שיפֿל.


געמעל 10

דער אָנהייב פֿון דער סטראָפֿע „לייענט זיך" אַזוי: „אַמאַנגאַמעק מאַקדאָפּאַנעק אַלענדיוועק מע־ציפּאַנעק." ווײַטער ציטירן דעם טעקסט לוינט ניט, ווײַל מיסתּמא קענען ניט אַלע לייענער דעלעוועריש. לאָמיר

גלייבן אויפֿן וואָרט דעם אויספֿאָרשער, אַז דאָס מיינט בערך: די גרויסע פֿיש — וואָס זייער צאָל איז געווען גרויס — עטלעכע — האָבן זיי אויפֿגעגעסן.

לאָמיר זיך נאָך אײַנקוקן אין אַ „צויבערבילד״ בײַ די אָקערשט דערמאָנטע אַדזשיבווייס:

א. פֿײַערדיק איז דאָס וואָס איך האָב דיר געגעבן (אָנגעצייכנט אַ כּלי, פֿון וועלכער עס גייט אַ פֿלאַם).




געמעל 11

ב. ער וואַקסט, דער בוים (אָנגעצייכנט אַ כּוהנים־געצעלט, מיט ביימער בײַ די זײַטן).

ג. איך דעק די ערד מיט מײַן לענג (אָנגעצייכנט: צוויי שלאַנגען).

אָט אַזוינע בילדער רופֿן עס די אָדזשיבווייס „קעקינאָווין״, און מיר האָבן עס אָנגערופֿן מיטן נאָמען זאַצנשריפֿט.

## כּמעט דאָס אייגענע אין אַפֿריקע

אין צענטראַל־אַפֿריקע געפֿינען מיר אַן ענלעכע זאַצנ־שריפֿט בײַם נעגערשן שבֿט עווע. אויף געמעל 12 זעען מיר צוויי שפּריכווערטער פֿון די עווע. א ווײַזט אַ נאָדל און אַ טוך אין פֿאַסן. דער פּשט איז: אַ נאָדל נייט אַ גרויס טוך, דאָס הייסט: אַ קליינס קען אויפֿטון גרויסע זאַכן; פֿון קליינע סיבות קענען אַרויסקומען גרויסע רעזולטאַטן.

ב וויַזט צוויי קעגענערס מיט פֿיַלן־בויגנס. דער פּשט איז: ווען צוויי קריגן זיך, מוז איינער פֿון זיי נאָכגעבן.




געמעל 12

פֿון אַזעלכע צייכענונגען, וואָס זיי זײַנען אַסאָציִירט[1] מיט אַ פֿעסטער גרופּע ווערטער, מיט אַ באַשטימטן זאַך, איז שוין גאַנץ נאָענט צו בילדער, וואָס איטלעכס פֿון זיי באַצייכנט דווקא איין באַשטימט וואָרט.

דאָ וועלן מיר זיך אָפּשטעלן פֿריִער פֿאַר אַלץ אויף דער שריפֿט פֿון די כינעזער.

---

[1] אַסאָציִירט הייסט: פֿאַרבונדן.

## IV כינעזישע ווערטערשריפט

### כינעזער האָבן ניט קיין אותיות

עס זיינען פֿאַראַן געלערנטע וואָס האַלטן, אַז דאָס ערשטע לאַנד, ווו מענטשן האָבן בכלל גענומען שרייבן, איז געווען עגיפּטן. און אויב אַפֿילו ניט, איז אויך זיכער, אַז על־כּל־פּנים פֿריִער פֿאַר די כינעזער האָבן די עגיפּטער געשריבן. מיר וועלן אָבער אָנהייבן אונדזער איבערבליק דווקא פֿון די כינעזער; שפּעטער, ווען מיר וועלן צוקומען צו דער עגיפּטישער שריפֿט, וועלן קלאָר ווערן דריי טעמים, פֿאַר וואָס מיר האָבן אויסגעקליבן דווקא דעם אָ סדר.

די רייכע כינעזישע קולטור האָט פֿון לאַנג אָן אַרויסגערופֿן אַ גרויסן אינטערעס ביי די פֿאָרשערס. עס איז טאַקע קיין קלייניקייט ניט: אַ פֿאָלק פֿון 400 מיליאָן מענטשן און פֿאַרמאָגט אפֿשר די עלטסטע ציוויליזאַציע אויף דער וועלט פֿון אַלע ציוויליזאַציעס וואָס האָבן זיך ביז היינטיקן טאָג אויפֿגעהיט. און אַזוי איז מיט דער כינעזישער שפּראַך און שריפֿט אויך.

ביי די כינעזער איז פֿאַראַן אַ מסורה (און אַנדערע פֿאָרשערס האַלטן, אַז דאָס לאָזט זיך הערן), אַז גאָר פֿאַר צייטנס האָבן זיי אויך געהאַט אַ מין קניפּלעכשריפֿט. אָבער די צייכנס, מיט וועלכע מען שרייבט אין כינע היינט, זיינען שוין אַלט איבער 4000 יאָר. זייער אויסזען האָט זיך געביטן, ווי מיר וועלן זיך באַלד איבערצייגן; אָבער דער גאַנצער גאַנג אין שרייבן איז געבליבן דער זעלבער. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז מיט די זעלביקע אותיות וואָס מען האָט

געשריבן יעמאָלט זײַנען די כינעזער נאָך הײַנט אין שטאַנד אויסצודריקן אַלע קאָמפּליצירטע באַגריפֿן פֿון אונדזער מאָדערנער קולטור.

עס איז אַ באַוווּסטער פֿאַקט, אַז כינעזער שרײַבן ניט אַזוי ווי מיר. ווען מיר דאַרפֿן אָנשרײַבן דאָס וואָרט „קינד", שרײַבן מיר אַ „ק", מיט אַ „י", מיט אַ „נ", מיט אַ „ד". אויף וואָס איז געבויט אַזאַ שרײַבן? מיר האָבן צעלייגט דאָס גערעדטע וואָרט „קינד" אויף זײַנע קלאַנגען און דערנאָך באַצייכנט יעדער קלאַנג מיט דעם אות וואָס איז פֿאַר אים אָנגענומען. דעם ענגלענדער קומט אויס שווערער צו „ספּעלן" זײַן וואָרט „טשײַלד" (קינד); ער מוז זיך אויסלערנען אויסצולייגן יעדער וואָרט באַזונדער, אַניט וועט ער ניט וויסן, אַז „טשײַלד" (child) שרײַבט זיך „סי (c), אייטש (h), אײַ (i), על (l), די (d)". אָבער פֿאָרט גיט דער ענגלענדער אויך איבער זײַנע ווערטער אויפֿן פּאַפּיר דורך אותיות. אין כינעזיש איז גאָר דער מין אותיות ניטאָ. דאָרטן ווערט אַ גאַנץ וואָרט אויסגעלייגט מיט איין צייכן, ווי מען קאָן זען פֿון די פֿאָר פֿיגורן אויפֿן געמעל 13.

פֿיגור א לייענט זיך „קינד" (כינעזיש „צו"); פֿיגור ב לייענט זיך „בוים" (כינעזיש „מו"); פֿיגור ג לייענט זיך „רעגן" (כינעזיש „יו").

איר כאַפּט זיך געוויס, אַז אַלע דרײַ כינעזישע ווערטער: „צו", „מו", „יו" זײַנען איינטראַפֿיקע ווערטער. דאָס איז ניט קיין צופֿאַלזאַך; אַלע כינע־זישע ווערטער, אָן אַן אויסנאַם, באַשטייען ניט מער ווי פֿון איין טראַף.

א
子
קינד

ב
木
בוים

ג
雨
רעגן

געמעל 13

עס איז קלאָר, אַז אויב פֿאַר איטלעכן וואָרט דאַרף מען האָבן אַ באַזונדער צייכן, דאַרפֿן זײַן אין דער שריפֿט אַזוי פֿיל צייכנס, וויפֿל אין דער שפּראַך זײַנען דאָ ווערטער. אַזוי איז דאָס טאַקע אין כינעזיש. אָבער ווײַט ניט איטלעכער כינעזער קען די קנאַפּע 50,000 צייכנס וואָס שטייען אין דעם גרויסן ווערטערבוך. מיטלמעסיקע בילדונג אין כינע באַנוגנט זיך מיט אַ וואָסערע דרײַ ביז פֿינף טויזנט צייכנס, און עס זײַנען פֿאַראַן נאָר געציילטע מענטשן וואָס האָבן טאַקע צו טון מיטן גאַנצן פֿופֿציק־טויזנטיקן ווערטער־אוצר.

פֿון וואַנען האָט זיך גענומען אַזאַ גוואַלדיק גרויסע צאָל פֿאַרשיידענע שריפֿטצייכנס? און צי זײַנען אַלע צייכנס פֿון איין מין? לאָמיר הערן.

## צייכנס וואָס זײַנען אַ מאָל געווען בילדער

די דרײַ צייכנס פֿאַר „קינד", „בוים" און „רעגן", וואָס מיר האָבן אָקערשט געזען, זײַנען בעצם בילדער פֿון אַ קינד, אַ בוים, אַ רעגן. עס גלייבט זיך דאָס ניט, ווען מיר גיבן נאָך אַ מאָל אַ קוק אויף די דרײַ פֿיגורן וואָס זײַנען געווען געדרוקט אויף געמעל 13 און זײַנען איבערגעחזרט אין דער אונטערשטער שורה פֿון געמעל 14. עס גלייבט זיך ניט, אָבער עס איז פֿאָרט אַזוי.

אויף צו פֿאַרשטיין דאָס דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז די צייכנס, ווי זיי ווערן געשריבן הײַנט, זײַנען שוין ניט דאָס וואָס אַ מאָל; זיי זײַנען שוין שטאַרק פֿאַראייַנפֿאַכט און געקירצט. לאָמיר זיך אָבער אײַנקוקן אין דער

| רעגן | בוים | קינד | |
|---|---|---|---|
| | | | אַלטע פֿאָרם |
| 雨 | 木 | 子 | הײַנטיקע פֿאָרם |

געמעל 14

אייבערשטער שורה פֿון געמעל 14; דאָרטן געפֿינען מיר די זעלבע צייכנס, ווי זיי זײַנען געשריבן געוואָרן מיט פֿיל הונדערטער יאָרן צוריק. און דאָ זעען מיר שוין קלאָר, ווי אַזוי די צייכנס „קינד", „בוים", „רעגן" זײַנען אויסגעוואַקסן פֿון בילדער. דאָס קינד איז לכתחילה געווען אויסגעמאָלט ווי אַ מין ניט־אַנטוויקלט באַשעפֿעניש מיט אַ גרויסן קאָפּ; דער בוים אין דער פֿאַרצײַטיקער צייכענונג האָט אויבן צווײַגן און אונטן וואָרצלען; דער רעגן איז אין דער אַלטער שריפֿט אָפּגעמאָלט מעשׂה הימל, פֿון וואַנען ס'קאַפּען טראָפּנס.

אויף געמעל 15 זײַנען געגעבן נאָך עטלעכע אַזעלכע מאָדערנע צייכנס און די אַלטע אויף צוצוגלײַכן; קוקט פֿריִער די אייבערשטע שורה, דערנאָך די אונטערשטע.

| פֿײַל | טיר | פֿיש | |
|---|---|---|---|
| | | | אַלטע פֿאָרם |
| 矢 | 門 | 魚 | הײַנטיקע פֿאָרם |

געמעל 15

דעם פֿיש קען מען אין דער אַלטער שריפֿטפֿאָרם דערקענען גאַנץ קלאָר. אַ טיר ווערט באַצייכנט דורך די בײדע פֿליגלען וואָס עפֿענען זיך; דער פֿײַל איז אַזוי

בוֹלט אין זײַן לכתחילהדיקער פֿאָרם, אַז ער פֿאָדערט אַפֿילו ניט קיין פּירושים.

לאָמיר פֿאַרגעדענקען, אַז אַזעלכע שרײַבסיסטעמען וואָס גיבן איבער ווערטער דורך בילדער רופֿן זיך אין דער וויסנשאַפֿט אידעאָגראַפֿישע סיסטעמען. צו דער קאַטע־גאָריע אידעאָגראַפֿישע שריפֿטן פֿאַררעכנט מען אי די כינעזישע, אי די עגיפּטישע היעראָגליפֿן און די פֿלעקלעכ־שריפֿט, וואָס וועגן זיי וועלן מיר ריידן שפּעטער. פֿאַראַן נאָך אַנדערע אידעאָגראַפֿישע סיסטעמען אויך.

מען מעג זיך משער זײַן, אַז די ערשטע כינעזישע שריפֿטצייכנס וואָקסן טאַקע אַלע פֿון דעם חשק אויס־צומאָלן די זאַכן וואָס מען זעט, און אויסצומאָלן זיי אַזוי נאָענט צו דער ווירקלעכקייט ווי מיגלעך.

אָבער ניט אַלע זאַכן קען מען אָפּמאָלן פּראָסט־פּשוט, ווי אַ בוים אָדער אַ קינד. גיט מען זיך אַן אַנדער עצה, אַ שטייגער דורך אָנצייכענען געוויסע באַוועגונגען אָדער זשעסטן. אויף געמעל 16 זעען מיר עטלעכע אַזעלכע צייכנס וואָס גיבן איבער באַוועגונגען; אין דער אייבערשטער שורה איז אָנגעשריבן זייער אַמאָליקע פֿאָרם, אין דער אונטערשטער שורה שטייען די צייכנס אַזוי ווי מען שרײַבט זיי הײַנט.

| | | | |
|---|---|---|---|
| אלטע פֿאָרם | [illegible] | [illegible] | \|\|\|\| |
| הײַנטיקע פֿאָרם | 非 | 友 | 四 |
| | פֿאַרקערט | פֿרײַנד | 4 |

געמעל 16

א ווײַזט צוויי הענט וואָס זײַנען אָפּגעקערט איינע פֿון דער אַנדערער. לייענט זיך דאָס: פּאַרקערט (כינעזיש „פֿיי"). ב באַטײַט צוויי הענט וואָס זײַנען אויסגעשפּרייט אויף צו געבן עמעצן שלום; דאָס לייענט זיך: פֿרײַנד אָדער פֿרײַנדשאַפֿט (כינעזיש „יו"). אין ג זעען מיר פֿיר פֿינגער און דער טײַטש איז פֿיר (כינעזיש „סו").

## סימבאָלן

טייל מאָל איז דער כינעזער אָנגעקומען בײַם שאַפֿן זײַנע צייכנס צו געוויסע סימבאָלן. למשל, מיטן ווערט אויסגעדריקט דורך אַן אָנצוהערעניש אויף די פֿיר זײַטן פֿון דער וועלט. ניט (כינעזיש „ווו") באַצייכנט מען דורך אַ פֿענדל וואָס גיט אַ סיגנאַל אויף ניין. ריידן (כינעזיש „יען") ווערט אויסגעדריקט דורך דער פֿיגור פֿון אַ מויל, פֿון וועלכן עס שטראָמט אַרויס דער אָטעם; גרענעץ (כינעזיש „קיאַנג") ווערט סימבאָליזירט דורך אַ פּאָס צווישן צוויי פֿעלדער.

| מיטן | גרענעץ | ריידן | ניט | |
|---|---|---|---|---|
| 中 | 畺 | 言 | 勿 | אַלטע פֿאָרם |
| 中 | 畺 | 言 | 勿 | הײַנטיקע פֿאָרם |

געמעל 17

די אַלטע צייכנס זײַנען געגעבן געוואָרן אויף געמעל 17. מען דאַרף אָבער דאָ ווידער אַ מאָל האָבן אין זינען בײַם באַקוקן די בילדער און בכלל אַלע כינעזישע שריפֿט־צייכנס, אַז אויסגעפֿינען דעם אָפּשטאַם קען מען בלויז פֿון די אַלטע צייכנס. די נײַע צייכנס זײַנען שוין שטאַרק

אויסגעשריבן און פֿאַראײנפֿאַכט; אַן אַנדערש מאָל ווידער זײַנען זיי צו שטאַרק פֿאַרצוקט.

## סימבאָלישע צונויפֿהעפֿטן

ווײַטער גייט נאָך אַ מער קאָמפּליצירטע גרופּע כינעזישע שריפֿטצייכנס: די סימבאָלישע צונויפֿהעפֿטן. ווי אַזוי זאָל מען, למשל, איבערגעבן דורך פֿיגורן דעם באַגריף צוזאַמען? דער כינעזער איז געפֿאַלן אויף אַ פּלאַן, ווי מיר זעען דאָס פֿון דער ערשטער פֿיגור אויף געמעל 18.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אַלטע פֿאָרם | [illegible] | 炎 | [illegible] | [illegible] |
| הײַנטיקע פֿאָרם | 立立 | 炎 | 馬馬馬 | 女女 |
| | צוזאַמען | זייער הייס | גאַלאָפּירן | מחלוקת |

געמעל 18

אויף צו באַצייכענען דאָס וואָרט צוזאַמען האָבן די כינעזער צוגעקלערט אַנצומאָלן איינס לעבן דעם צווייטן צוויי מענטשעלעך; זייער הייס ווערט אויסגעדריקט דורך געבן צוויי מאָל דעם צייכן פֿאַר פֿײַער; גאַלאָפּירן ווערט אַרויסגעבראַכט דורך אָנמאָלן דרײַ „פֿערד"-צייכנס איינס לעבן צווייטן. בײַם צוקלערן אַזוינע סימבאָליזירנדיקע צייכנס ווײַזן די כינעזער אַ מאָל אַרויס הומאָר אויך. למשל אויף אָנצושרײַבן מחלוקת צייכענען זיי אָן צוויי פֿרויען.

טאָמער וויל ווער וויסן די כינעזישע ווערטער, איז אָט זײַנען זיי: צוזאַמען — „פּינג"; זייער הייס — „יען"; גאַלאָפּירן — „טש'ענג"; מחלוקת — „וואַן".

נאָך בײַשפּילן פֿון דעם מין זײַנען די בילדער וואָס מיר ברענגען אויף געמעל 19. ליב האָבן איז צו שטאַנד געקומען פֿון אַ בילד פֿון אַ פֿרוי און אַ קינד; געפֿאַנגענער

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| אַלטע פֿאָרם | [illegible] | [illegible] | [illegible] | [illegible] | [illegible] |
| הײַנטיקע פֿאָרם | 好 | 囚 | 明 | 鳴 | 聞 |
| | ליב האָבן | געפֿאַנגענער | ליכטיק | זינגען | הערן |

געמעל 19

איז אַן אַרומגעצאַמטער מענטש; ליכטיק — אַ קאָמבינאַציע פֿון זון און לבֿנה; זינגען — אַ קאָמבינאַציע פֿון מויל און פֿויגל; הערן — אַ קאָמבינאַציע פֿון טיר און אויער.

האָט ווידער אין זינען: אויף צו פֿאַרשטיין דעם אָפּשטאַם פֿון די פֿיגורן דאַרף מען קוקן די אַלטע צייכנס, ניט די הײַנטיקע.

## מען שרײַבט רעבוסן

אויף די אופֿנים האָבן זיך שוין כינעזער אײַנגעשאַפֿט סימנים פֿאַר אַ סך אַ גרעסערער צאָל ווערטער. אָבער אין גאַנצן איז נאָך דערמיט די אויפֿגאַבע פֿון שרײַבן ניט געווען פֿאַרענטפֿערט, ווײַל עס זײַנען דאָך פֿאַראַן ווערטער, וואָס עס איז זייער שווער צו געפֿינען פֿאַר זיי סימבאָלן. לאָמיר נעמען אַזעלכע באַגריפֿן ווי חריפֿות, קלעקן, אומקערן זיך.

דאָ האָט די כינעזישע שריפֿט אָנגעווענדט דעם פּרינציפּ פֿון אַ רעבוס.

הײַנט איז אַ רעבוס ניט מער װי אַ שפּילערײַ. למשל אַנשטאָט אָנצושרײַבן זון (דעם טאַטנס און דער מאַמעס קינד) און שנור (דעם זונס פרוי) קען איך אָנצייכענען די זון און אַ שטריקל. װען איך קען ניט באַצייכענען דורך אַ בילד דאָס צײַטװאָרט שטיין (אַ שטייגער: „מיר איז דערעסן צו שטיין אויף אַן אָרט"), קען איך אָנצייכענען אַ גרויסן שטיין. אויב איך קען ניט אויסמאָלן קיין פּאַס (פּאַספּאָרט), קען איך דאָס אויסדריקן דורך אויסמאָלן אַ גאַרטל, װאָס ער רופט זיך אויך פּאַס; און אויב איך שלאָג זיך מיט דער דעה, װי אַזוי אויסצודריקן דורך אַ געמעל, אַז ס'איז מיר געװאָרן לײַכטער (גרינגער), קען איך אָנצייכענען אַ לײַכטער מיט אַ ליכט.

הײַנט איז דאָס מערניט אַ המצאה אַזאַ, אַ גימנאַסטיק פאַרן מוח, און אילוסטרירטע זשורנאַלן, איבער הויפּט פאַר קינדער, דרוקן גאַנץ אָפט אַזעלכע בילדער־רעטענישן.

אין כינע איז אַמאָליקע יאָרן דער גלײַכער קלאַנג פון צװיי פאַרשיידענע װערטער געװען אַ װיכטיקער ענין. װען אַ כינעזישער קייסער האָט געלאָזט פאַרזעצן מיט אַ װאָסערע 3000 יאָר צוריק קאַשטאַנען אַרום דעם מיזבח פון אַ גאָטהייט, האָט ער עס געטאָן דערפאַר, װײַל קאַשטאַן װערט אין כינעזיש באַצייכנט מיטן זעלביקן װאָרט „ליך", מיט װעלכן מען דריקט אויס דעם באַגריף יִרְאַת־הַכָּבוֹד. אויב מען האָט געװאָלט אין דער אַלטער כינע צו װיסן טון אַ פאַרטריבענעם, אַז ער מעג זיך אומקערן אַהיים, פלעגט מען אים צושיקן אַ רינג, װײַל אומקער און רינג װערן אין דער כינעזישער שפּראַך באַצייכנט מיטן זעלביקן „הואַן".

דעם זעלבן רעבוסגאַנג האָבן די כינעזער אָנגעווענדט אין זייער שרײַבן אויך. אויף דעם וועג זײַנען זיי געקומען צו דעם, אַז דעם באַגריף חריפֿות האָבן זיי אויסגעדריקט דורך דעם צייכן פֿאַר ציבעלע, ווײַל חריפֿות און ציבעלע ווערן ביידע באַצייכנט מיטן זעלביקן וואָרט „צ'ונג"; קלעקן הייסט „צוך" און פֿוס הייסט „צוך", דעריבער ווערן ביידע באַגריפֿן געשריבן מיט דעם צייכן פֿון פֿוס; אומקערן זיך ווערט באַצייכנט מיטן זעלבן שריפֿטצייכן ווי רינג, ווײַל דאָס וואָרט „הואַן" האָט, ווי געזאָגט, ביידע טײַטשן.

מיטן וועג פֿון רעבוס האָבן זיך שוין די כינעזער אויסגעלערנט איבערגעבן אַזוינע טיילן פֿון דער שפּראַך וואָס ווערן אין די אייראָפּעיִשע לשונות איבערגעגעבן דורך ענדונגען. לאָמיר זאָגן, אַז דאָס וואָרט די פֿרוי האָבן מיר אויסגעדריקט אויף דעם אופֿן ווי עס איז געוויזן געוואָרן פֿריִער אויף געמעל 18. ווי אַזוי וועלן מיר אָבער אָנשרײַבן: דער פֿרויס? און דער סימן איז דאָך ניט דער איינציקער אויסלאָז וואָס מיר האָבן אין דער שפּראַך.

אָט דער אויסלאָז פֿון פּאָסעסיוו, וואָס באַצייכנט די צוגעהעריקייט און ווערט אין ייִדיש אויסגעדריקט דורך דעם סמך (דער פֿרוי־ס), קלינגט אין כינעזיש „כי". עס איז אָבער פֿאַראַן אין כינעזיש אַן אַנדער וואָרט „כי", וואָס באַטײַט בערך זוימען. האָבן זיי גענומען דעם צייכן פֿאַר זוימען און אָנגעהויבן דאָס ניצן ווי אַ צייכן פֿאַר דעם אויסלאָז „כי". ס'איז אַזוי ווי מיר וואָלטן דאָס וואָרט טישלער (וואָס מיר ריידן אַרויס: טיש־לאַך) איבערגעגעבן דורך פֿיגורן און מיר וואָלטן אָנגעצייכנט פֿריִער אַ טיש

און לעבן דעם אַ פּנים וואָס לאַכט, און צוזאַמען זאָל דאָס זײַן ט י ש ל ע ך.

## אַ באַשטימער צום אונטערשפּאַרן

אין ערשטן מאָמענט קען אויסווײַזן, אַז דאָס איז אַ גאָלדענע עצה; נאָר אין צווייטן מאָמענט זעט מען שוין, אַז מען איז אַרײַנגעפּאַלן פון איין צרה אין דער אַנדערער, וואָס מען רופט „פון בריק אין וואַסער". ווײַל אויב צוויי ווערטער האָבן דעם זעלביקן קלאַנג, קען מען דאָך אין זיי גאַנץ גרינג אַ טעות האָבן. למשל אויב איך לייען איבער: „דער שטערן גלאַנצט", קען איך ניט וויסן, צי מען מיינט דעם שטערן אויפן קאָפּ אָדער דעם שטערן אויפן הימל. אָדער אויב איינער שרײַבט אָן: „אָן אַ פּאַס זאָל מען בעסער אין גאַס ניט אַרויסגיין", מוז איך נאָך ערשט טרעפן, צי מיינט ער אַ ג אַ ר ט ל אָדער אַ פּ אַ ס פּ אָ ר ט.

בכדי אויסצומײַדן אַזאַ מין טעות אין פּשט, גיבן די כינעזער צו צום וואָרט נאָך אַ ספּעציעלן באַשטימער.[1]

וועגן דעם באַשטימער מוז מען ריידן אַ ביסל מער באַריכות, כאָטש אין גאַנצן קלאָר וועט דאָס אויך ניט ווערן, ווײַל ס'איז שווער זיך אַרײַנצולעבן אין דער גײַסטיקער וועלט פון די כינעזער.

אויסצומאָלן אויף פּאַפּיר דאָס וואָרט ב ל י נ ד (כינעזיש „קו") איז ניט קיין גרינגע זאַך; האָט מען גענומען דעם צייכן פאַר פּ ו י ק (וואָס הייסט אויף כינעזיש

[1] אין דער וויסנשאַפט רופט עס זיך מיטן לאַטײַנישן נאָמען ד ע ט ע ר מ י נ אַ ט י ו ו; determinare הייסט טאַקע אויף לאַטײַן „באַשטימען".—אַנדערע רופן די באַשטימערס מיטן נאָמען ו ו אָ ר צ ל ע ן.

אויף „קו“) און צוגעגעבן צו דעם דעם באַשטימער אויג. מען דאַרף זיך הייסט עס דעם געדאַנק פֿון אַ כינעזער בײַם לייענען אויסמאָלן אַזוי: אָט איז אָנגעשריבן „קו“; וואָס פֿאַר אַ מין „קו“ האָט דאָ דער שרײַבער געמיינט? אַהאַ, לעבן דעם איז אָנגעשריבן אויג; ס׳איז הייסט עס יענער „קו“ וואָס האָט אַ שײַכות צו אויג; איז מיינט עס משמעות בלינד.

אָדער גיט אַ קוק, ווי אַזוי עס ווערט געשריבן דאָס וואָרט „פלוידערײַ“. פלוידערײַ הייסט „פען“. נעמט מען דעם צייכן פֿאַר טיילן, וואָס הייסט אויך „פען“, און כדי עס זאָל זײַן קלערער, גיט מען צו דעם באַשטימער ריידן.

| 鼓 | | 目 | | 瞽 |
|---|---|---|---|---|
| פויק | און | אויג | גיבן צוזאמען | בלינד |
| 分 | | 言 | | 訜 |
| טיילן | און | ריידן | גיבן צוזאמען | פלוידערײַ |

געמעל 20

אויף געמעל 20 זעען מיר די שרײַבונגען בלינד, פלוידערײַ און ווי אַזוי זיי זײַנען געוואָרן: עס ווערט געוויזן פֿריִער דאָס גרונטוואָרט, דערנאָך דער באַשטימער, דערנאָך דאָס גאַנצע וואָרט.

## די הייך פֿון טאַן

אָט אויף דעם פּרינציפּ: פֿריִער דער אָנווײַזער פֿון דער אויסשפּראַך, דערנאָך דער באַשטימער — איז הײַנט געבויט די גאַנצע כינעזישע שרײַבונג.

אָן דעם באַשטימער וואָלט מען גאָרניט געקענט איבערלייענען, ווײַל אין כינעזיש איז ניט פֿאַראַן (עס קלינגט מאָדנע, נאָר ס׳איז פֿאָרט אַזוי) אַפֿילו קיין טויזנט ווערטער מיט אַ פֿאַרשיידענעם קלאַנג; איין וואָרט האָט אָן אַ שיעור פֿאַרשיידענע טײַטשן.

קען מען פֿרעגן, און מען וועט זײַן גערעכט: נו גוט, אין שרײַבן העלפֿט אויס דער באַשטימער; אָבער וואָס איז אין ריידן? ווי אַזוי קענען די כינעזער אין ריידן פֿאַר־שטיין איינער דעם אַנדערן? איז דער ענטפֿער: זיי דערקענען די ווערטער לויטן מוזיקאַלישן וואָרטאַקצענט אָדער טראָפּ, דאָס הייסט לויט דער הייך פֿונעם טאָן. דאָס וואָרט וואָס שטעלט זיך צונויף פֿון די זעלביקע קלאַנגען ריידן זיי אַרויס מיט אַ פֿאַרשיידענעם טראָפּ, וואָס פֿאַר אַ פֿרעמדן איז דאָס כמעט ווי אוממיגלעך נאָכצומאַכן; און אַ נײַער טראָפּ גיט דעם וואָרט אַ נײַעם טײַטש. למשל יאַנג$^{1}$ הייסט פֿאַרלאַנגען; יאַנג$^{2}$—ים, שאָף, פּאַשע; יאַנג$^{3}$—באַשאַפֿן, בײַסן (בײַסעניש); יאַנג$^{4}$—שטייגער.*

אָבער קיין פֿולע הילף איז דאָס אויך ניט. וואָרעם אַפֿילו אַ וואָרט מיט דער זעלבער הייך פֿון טאָן קען אויך האָבן אַ סך פֿאַרשיידענע טײַטשן; אַ שטייגער „לי$^{4}$" קען אויך הייסן אַזוינע פֿאַרשיידענע זאַכן, ווי: כּוח, בערגל, געוועלטיקן, קערנדל, שטיין און נאָך אַ סך אַנדערע. דאָס מוז מען זיך שוין אָנשטויסן וועדליג דער שכנות: ווען אַ קאָרטנשפּילער זאָגט בײַ אונדז, אַז ער האָט זעקס

---

* דאָס ציפֿערל באַטײַט דעם ספּעציעלן מין טראָפּ; אַזוי, מיט ציפֿערלעך, גיט מען זיך אַן עצה, ווען מען שרײַבט אָן כינעזישע ווערטער ניט מיט כינעזישע צייכנס.

אויגן, מיינט אויך קיינער ניט, אַז עס זײַנען אומגעריכט אויסגעוואַקסן בײַ אים פֿיר נײַע אויגן אין קאָפּ.

דאָס איז אין ריידן. אין שרײַבן איז אַ סך שווערער צו כאַפּן זיך אויפֿן צוזאַמענבונד, דעריבער דאַרף מען דאָ האָבן דעם באַשטימער.

פֿאַר איטלעכן טײַטש פֿון וואָרט איז דער באַשטימער אַן אַנדערער. הייסט עס ווען שטערן וואָלט געווען אַ כינעזיש וואָרט און מיר וואָלטן עס באַדאַרפֿט אָנשרײַבן, וואָלטן מיר אָנגעשריבן פֿריִער דעם צייכן פֿאַר די קלאַנגען „שטערן"; דערנאָך וואָלטן מיר זיך באַרעכנט: „שטערן" אויפֿן קאָפּ איז שייך צו קאָפּ, דאַרף מען לעבן דעם צייכן שטערן אויסמאָלן דעם צייכן „קאָפּ". דאָס אייגענע בײַ „שטערן אויפֿן הימל": צום קלאַנגען־צייכן „שטערן" וואָלטן מיר נאָך צוגעגעבן דעם צייכן „הימל".

אַ ביסל אַ לאַנגער וועג, נאָר פֿאָרט דער פּאַסיקסטער פֿאַר דעם כינעזער, ווי מיר וועלן באַלד זען אויפֿן וואָרט „לי".

דאָס וואָרט „לי" האָט, ווערליג מיר האָבן שוין געזען, זייער אַ סך טײַטשן. אַחוץ די פֿריִער אָנגערופֿענע וועלן מיר ברענגען נאָך אַ פּאָר: „לי" הייסט אַ מײַל; „לי" קען אויך הייסן געווייכטלעך, קאַרפּ, ווילדע קאַץ, ריכ־טיקער פּרינציפּ און אַזוי ווײַטער. אין שרײַבן ווערט דער אונטערשייד איבערגעגעבן דורך פֿאַרשיידענע באַשטימערס.

פֿון געמעל 21 קען מען באַקומען אַ השגה, ווי אַזוי די כינעזער שרײַבן דאָס זעלבע וואָרט „לי"

אין זײַנע פֿאַרשיידענע טײַטשן. דער גרונטצייכן איז „לי" — אַ מײַל. אויף צו באַצייכענען געווײַנטלעך גיט מען צו צום צייכן „מײַל" דעם באַשטימער „מענטש"; אויף צו באַצייכענען קאַרפּ גיט מען צו צום צייכן „מײַל" דעם באַשטימער „פֿיש"; אויף צו באַצייכענען ווילדע קאַץ גיט מען צו צום צייכן „מײַל" דעם באַשטימער „ווילדע חיה"; און אויף אָנצושרײַבן ריכטיקער פּרינציפּ גיט מען צו צום צייכן „מײַל" דעם באַשטימער „טײַערער שטיין".

| | |
|---|---|
| 里 מײַל | |
| מענטש 亻 | געווײַנטלעך 俚 |
| פֿיש 魚 | קאַרפּ 鯉 |
| ווילדע חיה 犭 | ווילדע קאַץ 狸 |
| טײַערער שטיין 王 | ריכטיקער פּרינציפּ 理 |

געמעל 21

## אַ כינעזיש ווערטערבוך

בײַ דעם מין שרײַבן איז טשעקאַווע צו וויסן, ווי אַזוי עס זעט אויס אַ כינעזיש ווערטערבוך.

אַנשטאָט דעם וואָס מיר צעשטעלן די ווערטער אונדזערע נאָכן אַלף־בית, מוזן די כינעזער אָנקומען צו אַ סדר פֿון די „באַשטימערס" (וואָרצלען). דאָס גרעסטע און חשובֿסטע כינעזישע ווערטערבוך, „קיאַנג־הי" רופֿט זיך עס, איז צונויפֿגעשטעלט געוואָרן מיט העכער 200 יאָר צוריק. דאָרטן זײַנען פֿאַראַן ניט מער און ניט ווייניקער ווי 44449 שרײַבצייכנס וואָס זײַנען פֿונאַנדערגעשטעלט אונטער 214 באַשטימערס. הייסט עס, אויף צו געפֿינען אַ וואָרט אין ווערטערבוך דאַרף מען וויסן דעם באַשטימער, און אונטער יעדער באַשטימער זײַנען

שוין די ווערטער פֿונאַנדערגעשטעלט לויט דער צאָל פּאַסיקלעך.

אמת טאַקע, אַ גרויסער טייל פֿון די קנאַפּע 50000 ווערטער איז פֿאַרעלטערט, מען ניצט זיי שוין ניט. אָבער פֿאָרט מוז אַ געלערנטער פֿון ערשטן קלאַס קענען אַ וואָסערע 9000 צייכנס, און אַפֿילו פֿאַר פּשוטער ליטעראַטור נייטיקט מען זיך אויך אין עטלעכע טויזנט. דערפֿון נעמט זיך, וואָס אַפֿילו אַ געבילדעטער כינעזער מוז כסדר האָבן בײַ זיך אַ ווערטערבוך; קיינער קען דאָך ניט האַלטן אויפֿן קאָפּ אַלע צייכנס וואָס קענען זיך ווען ניט איז באַגעגענען.

טרעפֿן דעם טײַטש פֿון אַ וואָרט איז ניט אַלע מאָל פֿון די גרינגע זאַכן, אַפֿילו פֿאַר אַ געבילדעטן כינעזער, ווײַל די באַשטימערס זענען אַ מאָל אויס צונויפֿגעבונדענערהייט גאָר אַנדערש ווי פֿאַר זיך; חוץ דעם שטייט דער באַשטימער אַ מאָל לינקס, אַ מאָל רעכטס, אַ מאָל אונטן, אַ מאָל אינעווייניק אין צווייטן צייכן. ממילא זײַנען פֿאַראַן שרײַבצייכנס, אויף וועלכע די כינעזער אַליין זאָגן, אַז זיי זײַנען „קשהדיק און האַרב". אין גרעסערע ווערטערביכער שטייען די דאָזיקע שווערע ווערטער אין אַ באַזונדער אָפּטיילונג, פֿונאַנדערגעשטעלט מערניט לויט דער צאָל פּאַסיקלעך.

## צי קען מען ניט שרײַבן כינעזיש מיט לאַטײַנישע אותיות?

פֿון דעם אַלעמען איז צו זען, אַז דערגיין דעם גרונט פֿון דער כינעזישער „עיבֿרי" איז אַ זאַך, וואָס אַ גאַנץ לעבן קען קוים אויף דעם קלעקן. דערפֿון וואָלטן מיר אין פֿלוג געקענט קומען צום באַשלוס, אַז אומזיסט האָבן זיך די כינעזער אײַנגעשפּאַרט און ווילן ניט אָפּטרעטן פֿון זייער שריפֿט;

וואָלטן זיי אָנגענומען דעם אייראָפּעיִשן (לאַטייַנישן) אַלף־בית, וואָלטן זיי מיט אַ מאָל פּטור געוואָרן פֿון אַלע שוועריקייטן. דוכט זיך אַזוי פּשוט: פֿאַראַן אין די אייראָ־פּעיִשע שפּראַכן פֿיל טויזנטער ווערטער, און מען קען זיי איבערגעבן מיט לאַטייַנישע אותיות. אין ייִדיש איז אויך דאָס זעלבע מיט אונדזערע עטלעכע און צוואַנציק צייכנס; און וואָלטן מיר געהאַט מיליאָנען ווערטער, וואָלטן דען די פּאָר צענדלינג אותיות נישט געקלעקט? אויפֿן זעלביקן וועג וואָלטן דאָך די כינעזער אויך געקענט איינס און צוויי אויסגעלייזט ווערן פֿון אַלע זייערע שרייַב־צרות, ווען זיי זאָלן נעמען שרייַבן מיט לאַטייַנישע אָדער מיט ייִדישע אותיות.

אָבער מען דאַרף ניט זייַן צו כאַפּיק בייַם מאַכן אויספֿירן.

ערשטנס איז טראַדיציע אַ גרויסע זאַך. אָט האַלטן מיר ייִדן זיך בייַ אונדזערע אותיות וואָס גייען מיט אונדז דורך אונדזער גאַנצער געשיכטע. אין רוסלאַנד האָט מען גערעדט יאָרן וועגן אַריבערגיין צום לאַטייַנישן אַלפֿאַבעט, און בייַם ריידן איז מען געבליבן. אַז אַ פֿאָלק געוויינט זיך צו צו אַ שרייַבסיסטעם אין משך פֿון אַ לאַנגער צייַט, ווערט עס דערצו צוגעבונדן; דערמאָנט זיך, ווי עס זינגט זיך „אויפֿן פּריפּעטשיק": „אַז דו וועסט, קינד מייַנס, עלטער ווערן, / וועסטו אַליין פֿאַרשטיין, / וויפֿל אין די אותיות ליגן טרערן / און ווי פֿיל געוויין". די טערקישע רעגירונג האָט זיך אין 1932 פֿאַרגונען אַרויסצוגעבן אַ געזעץ, אַז פֿון אַ געוויסן טאָג אָן איז פֿאַרווערט צו ניצן די אַלטע (די אַראַבישע) אותיות און מען מעג ניצן נאָר לאַטייַנישע; נאָר וואָס ס'איז אַרויס־געקומען דערפֿון וועט מען נאָך ערשט זען אין אַ דור אַרום.

אַ סך מבֿינים זאָגן אונדז אָבער, אַז פּראַקטיש וואָלט אויך געווען גאָר אַ קנאַפּע פּעולה פֿון אַוועקוואַרפֿן די טראַדיציאָנעלע כינעזישע שרײַבצייכנס. אין כינעזיש, ווייסן מיר דאָך שוין, איז די צאָל פֿאַרשיידענע ווערטער גאָר אַ קליינע. ווען מען שרײַבט כינעזיש מיט לאַטײַנישע אותיות, וואָלטן געשטאַנען אויפֿן פּאַפּיר הונדערטער ווערטער, איטלעכס וואָרט מיט כּלערליי טײַטשן, און עס וואָלט געווען אוממיגלעך צו וויסן, וואָס דער שרײַבער האָט געמיינט. ווײַל אויב מען וועט אַפֿילו דעם טראָפּ באַצייכענען דורך ציפֿערלעך (ווי מיר האָבן דאָס פֿריִער געוויזן בײַ „לי״), בלײַבט נאָך אַלץ אויסן דער באַשטימער, וואָס אים קען מען מיט לאַטײַנישע אותיות ניט איבערגעבן.

מבֿינים זאָגן, אַז עס וואָלט געווען כּמעט ווי אומ־מיגלעך צו לייענען כינעזיש מיט לאַטײַנישע אותיות, און דערפֿון נעמט זיך זייער זיכערקייט, אַז קיין שום באַוועגונג פֿאַר רעפֿאָרמירן די כינעזישע שריפֿט קען ניט האָבן קיין פּעולה. טאַקע אַזוי, די 44449 צייכנס זײַנען אַ שווערע הלכה און מען דאַרף אָפּגעבן אַ לעבן אויף אויסצושטודירן זיי; נאָר האָט מען זיך איין מאָל שוין דערגרונטעוועט, איז דערפֿאַר רויִק אויפֿן האַרצן.

פֿון דעסט וועגן איז יאָ פֿאַראַן אַ באַוועגונג בײַ די כינעזער פֿאַר אַריבערגיין צום לאַטײַנישן אַלף־בית; אָבער די חסידים פֿון די איצטיקע צייכנס זאָגן, אַז אויסבײַטן די כינעזישע שריפֿט אויף דער לאַטײַנישער וואָלט געהייסן, פּראָסט גערעדט, אויסבײַטן אַ שוך אויף אַ לאַפּטשע.

22 געמעל

刀筋教

טיאָ·קיִו·קיאָ

אַזוי לייענען זיך די דרײַ ווערטער. דאָס מאַכט: „די סעקטע וואָס נעמט אַרויס אָדערן" („טרייבערערס"). מיט דעם נאָמען רופֿט מען אויף כינעזיש די אַלט־געזעסענע כינעזישע ייִדן.

כינעזיש מאָלט מען מיט אַ פּענדזל. מען הייבט אָן רעכטס אויבן, מען גייט אַראָפּ די גאַנצע שורה ביז אונטן, דערנאָך הייבט מען ווידער אָן אויבן.

ווען מען זאָל שרײַבן ייִדיש אין אַזאַ סדר, וואָלט דאָס אויסגעזען אַזוי:

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ה | ם | פּ | י | ב | אַ | ס |
| ל | ד | ר | ט | ט | ן | ' |
| ו | י | ו | ג | ד | ע | א |
| מ | מ | ם | ע | י | יִ | י |
| ד | אַ | ד | וו | וו | ל | ז |
| י | מ | ע | ע | ע | ו | ג |
| ם | ע° | ר | ן | ל | י° | ע |
| ס | ד | ט | א | ט | ב | וו |
| אַ | י | אַ | י | אַ | י | ע |
| מ | מ | ט | ן | פּ | ט | ן |
| ע° | יִ | ע° | ק | יִ | ג | אַ |
| | ש | פּ | ל | ל | ע | מ |
| | פּ | ר | אַ | ו° | ק | אָ |
| | ח | ו | ס° | ב | ע | ל |

די קײַקעלעך באַצייכענען אין כינעזיש דעם סוף פֿון אַ זאַץ.

## יאַפּאַנישע טראַנספּשריפֿט מיט כינעזישע איבערבלײַבסן

אויפֿן זעלביקן שטייגער, פֿון רעכטס אויבן, הייבט מען אָן שרײַבן יאַפּאַניש אויך. אין פֿלוג, פֿאַר אונדזער אויג, איז די יאַפּאַנישע שריפֿט געגליכן צו דער כינעזישער,

און זי איז טאַקע אַרויסגעוואַקסן פֿון איר. שוין אַן אַנדערט־האַלבן טויזנט יאָר, ווי קיין יאַפּאַן איז אַרײַנגעדרונגען די כינעזישע שריפֿט, אָבער די יאַפּאַנישע שפּראַך איז גאָר אַנדערש געבויט, האָט זי ממילא געמוזט שטעלן זיך אויף אַן אַנדער פּרינציפּ: פֿאַר אַזאַ באַגריף ווי „מענטש" האָט מען געקענט נעמען דעם כינעזישן צייכן (און אַזוי האָט מען טאַקע געטאָן), מערניט וואָס אַנשטאָט כינעזיש זשען לייענט מען דאָס אויף יאַפּאַניש היטאָ. אָבער אין אַ גאַנצן זאַץ שיקט זיך דאָס ניט תמיד, וואָרעם דער סדר פֿון די ווערטער איז אין יאַפּאַניש גאָר אַן אַנדערער. חוץ דעם האָט יאַפּאַניש אַ היפּשע צאָל אויסלאָזן, פּרעפּאָזיציעס און וואָס עס פֿאָדערט זיך אויך איבערצוגעבן. האָט מען זיך אַן עצה געגעבן מיט דעם אַזוי: פֿאַר דעם אויסלאָז־טע אַ שטייגער האָט מען גענומען דעם כינעזישן צייכן „הימל" (כינעזיש טיען[1], אויף יאַפּאַניש אַרויסגערעדט טען); דאָס ווערטעלע מאָ האָט מען איבערגעגעבן דורכן כינעזישן צייכן „האָר" (כינעזיש מאַאָ[2], יאַפּאַניש אַרויסגערעדט מאַ).

אויף אַזאַ אופֿן האָט זיך געשאַפֿן די יאַפּאַנישע טראַפֿנשריפֿט.

אָבער ס'איז ניט אַזוי פּשוט. אויף צו קענען הײַנט לייענען יאַפּאַניש איז ניט גענוג צו קענען די צוויי רשימות טראַפֿן („סילאַבאַרן") מיט 47 צייכנס אין יעדערער. אינעם רובֿ יאַפּאַנישע דרוקן, איבער הויפּט אין די צײַטונגען, טרעפֿט מען אַן אויסמיש פֿון יאַפּאַנישע טראַפֿן־צייכנס מיט כינעזישע ווערטער־צייכנס. מאַכן מאַכט זיך דאָס אַזוי, אַז סובסטאַנטיוון, ווערבן, אַדיעקטיוון ווערן געשריבן אויפֿן כינעזישן שטייגער, און די פֿאָרמאַלע עלעמענטן (פּרע־

פּאָזיציעס, אויסלאָזן אאַז״וו) אויפֿן יאַפּאַניש. אויף צו פֿאַרגרינגערן דאָס לייענען שטעלט מען צו בײַ די שווערערע כינעזישע צייכנס די אויסשפּראַך מיט יאַפּאַנישע טראָפּן־צייכנס — אַן ערך אַזוי ווי מען שטעלט אַ מאָל בײַ אונדז צו אין האַלבע לבֿנות די אויסשפּראַך פֿון אַ שווערן העברעיִזם, אויב מען האָט מורא, אַז דער ווינציק געניטער לייענער וועט ניט וויסן, ווי אַזוי דאָס איבערצולייענען. איין וואָרט פֿון צווייטן טיילט מען אָפּ מיט אַ קײַקעלע.

דער מינימום כינעזישע ווערטער־צייכנס וואָס קינדער מוזן זיך אויסלערנען אין אַ יאַפּאַנישער פֿאָלקסשול איז 1200. אַ גוטער־פֿרײַנד אַ יאַפּאַנער האָט מיר אַ מאָל געגעבן צו פֿאַרשטיין, פֿאַר וואָס עס קען ניט זײַן קיין יאַפּאַנישע שרײַבמאַשין: זי וואָלט געדאַרפֿט האָבן כאָטש אַ דרײַ טויזנט צייכנס.

עס זײַנען געווען אין יאַפּאַן פֿאַראייניגן צו פּראָ־פּאַגאַנדירן דעם לאַטײַנישן אַלפֿאַבעט, אָבער מען הערט עפּעס ניט, אַז זיי זאָלן שטאַרק אויסנעמען. דאָס נעמט זיך דערפֿון, וואָס די צאָל האָמאָנימען איז אין יאַפּאַניש נאָך גרעסער ווי אין כינעזיש: דאָס וואָרט שאָ האָט ניט ווינציקער ווי 53 טײַטשן, קאָ אַפֿילו 55. איז אויב מען וועט סתּם אָנשרײַבן קאָ, וועט דאָך ניט טויגן; ווי באַלד מען ניצט אָבער פֿאַרשיידענע צייכנס, מאַכט שוין ניט אויס אַזוי שטאַרק.

חוץ דעם זאָגן יאַפּאַנער, אַז זיי קענען ניט אײַנפֿירן די לאַטײַנישע אותיות, וואָרעם יעמאָלט וואָלטן די קומעדיקע דורות אין גאַנצן אָפּגעשניטן געוואָרן פֿון זייער פּרעכטיקער עלטערער ליטעראַטור.

כדי צו ווײַזן, ווי אַזוי עס זעט אויס אַ געשלאָסענער יאַפּאַנישער טעקסט, גיבן מיר דאָ דאָס שער־בלאַט פֿון אַ בוך וואָס איז אַרויס אין 1922 אין טאָקיאָ מיט איבער־זעצונגען פֿון יִדיש אויף יאַפּאַניש. מיט אַ זײַטל ווײַטער גיבן מיר אויך אַלע 47 צייכנס פֿון דער טראַנסקריפּט קאַטאַ־קאַנאַ״, קענט איר זיך אַליין אויסלערנען לייענען פֿאַר נויט יאַפּאַניש.



文學博士 石橋智信氏序
小山内薫氏序
秋田雨雀氏序
文學士 清野暢一郎譯

現代猶太戲曲集

東京 ロゴス社版

אַזוי זעט אויס דאָס שער־בלאַט פֿונעם בוך „מאָדערנע יִדישע דראַמעס״, וואָס איז אַרויס אין טאָקיאָ אין פֿאַרלאַג „לאָגאָס״ אין 1922. דער איבער־זעצער הייסט קִיאָנאָ־טשאָוִטשיראָו; פֿאַראַן הקדמות פֿון אישיבאַשי־טשישין, אָסאַנאַי־קאַאָרו און אַקיטאַ־אוּיאַקו.

דאָס בוך ברענגט 11 פּיעסעס פֿון שלום אַש, לעאָן קאָברינען, דוד פּינסקין, שלום־עליכמען און נאָך.

פֿון שלום־עליכמען איז געגעבן „אַ דאָק־טאָר״, פֿון אַש „גאָט פֿון נקמה״.

אַן עקזעמפּלאַר פֿון בוך געפֿינט זיך אין ייִוואָ. מען האָט עס צוגע־שיקט פֿון יאַפּאַן צו דער שלום־עליכם־אויסשטעלונג וואָס דער ייִוואָ האָט אײַנגעאָרדנט פּסח־צײַט 1934.

ב

## די יאַפּאַנישע טראַנשריפּט „קאַטאַ-קאַנאַ״

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| ル רו | ム מו | ノ נאָ | チ טי (טשי) | ケ קע | ア א |
| レ רע | メ מע | ハ פֿא (הא) | ツ טו (טסו) | コ קאָ | イ י |
| ロ ראָ | モ מאָ | ヒ פֿי (הי) | テ טע | サ סא | ウ ו |
| ワ וא | ヤ יא | フ פֿו | ト טאָ | シ סי (שי) | エ ע |
| ヱ וע | ユ יו | ヘ פֿע (הע) | ナ נא | ス סו | オ אָ |
| ヰ וי | ヨ יאָ | ホ פֿאָ (האָ) | ニ ני | セ סע | カ קא |
| ヲ ואָ | ラ רא | マ מא | ヌ נו | ソ סאָ | キ קי |
| | リ רי | ミ ミ מי | ネ נע | タ טא | ク קו |

ג

1 ショロム・アッシュ

2 レオン・コブリン

3 グヰード・ピンスキー

4 ラビノヰッチ

5 ショロム・アライヘム

דאָס זײַנען נעמען פֿון ייִדישע שרײַבערס. קוקט זיך אײַן אין די צייכנס פֿון דעם סילאַבאַר „קאַטאַ-קאַנאַ״ און פּרוּווט לייענט איבער די נעמען. האָט אין זינען, אַז אין יאַפּאַניש איז ניטאָ קיין חילוק פֿון ר ביז ל, און בכלל קען מען ניט איבער-געבן אונדזערע קלאַנגען פּינקטלעך.

איין וואָרט פֿונעם צווייטן טייל מען אָפּ מיט אַ קרײַקעלע (ווי ז׳ 49 אין אונדזער „כינעזישן״ שטיקל „מאָניש״ די זאַצן) אָדער מיט אַ פּינטל.

ד

語

דאָס איז דער יאַפּאַנישער צייכן פֿאַרן וואָרט „ייִדיש״.

## V. די מִצְרים: אויפֿן וועג פֿון ווערטערשריפֿט צו קלאַנגענשריפֿט

דער אײַנגעבירגערטער נאָמען: היעראָגליפֿן

אין עגיפּטן — אָדער מִצרַיִם, ווי מיר מעגן רופֿן דאָס לאַנד מיטן נאָמען פֿון חומש — האָט מען געפֿונען שפּורן פֿון שריפֿט, וואָס זײַנען אַלט דאָס ווינציקסטע פֿינף טויזנט יאָר. דערבײַ דאַרף מען האָבן אין זינען, אַז די עלטסטע געשריפֿטסן וואָס זײַנען צו אונדז דערגאַנגען שטייען שוין אויף אַ הויכער מדרגה; איז אַזוי ווי מיר ווייסן, אַז קיין זאַך ווערט ניט געבוירן פֿאַרטיקערהייט, מעגן מיר זײַן זיכער, אַז נאָך פֿריִער פֿאַר די 5000 יאָר האָט די עגיפּטישע שריפֿט דורכגעשפּרײַזט אַ שטיק וועגס.

אויף אָפּצושאַצן גוט, וואָס פֿאַר אַ ווערדע ס'האָט אַזאַ מין לאַנגע צײַט, לאָמיר זיך דערמאָנען, אַז אונדזער „יציאת־מיצרים", וואָס מיט דעם הייבט זיך אין עצם אָן די פֿיל־ווינציק באַגלייבטע ייִדישע געשיכטע, איז געווען אין גאַנצן מיט אַ 3100 יאָר צוריק.

מיר האָבן שוין דערמאָנט, אַז עס זײַנען פֿאַראַן געלערנטע וואָס האַלטן, אַז עגיפּטן איז געווען דאָס ערשטע לאַנד, וווּ מענטשן האָבן זיך בכלל גענומען שרײַבן. געשריפֿטסן פֿון די מִצרים זײַנען דערגאַנגען צו אונדז אין אַ גאַנץ היפּשער צאָל. טאָ פֿאַר וואָס האָבן מיר אָנגעהויבן ריידן וועגן דער כינעזישער ווערטערשריפֿט און ניט וועגן דער מִצרישער? מחמת לייענען די

מיִצרישע שריפֿט האָבן זיך אייראָפּעער אויסגעלערנט שפּעטער.

דערנאָך וועלן מיר זען נאָך אַ צווייטן טעם אויך; איצטער לאָמיר זיך אַרײַנטראַכטן אין דעם פֿאַקט, וואָס די אייראָפּעיִשע געלערנטע זײַנען אַזוי שפּעט צוגעקומען צו די מיִצרישע געשריפֿטסן.

די סיִבה איז גרינג צו פֿאַרשטיין.

כינעזיש איז ביז הײַנטיקן טאָג די שריפֿט פֿון אַ פֿאָלק פֿון 400 מיליאָן מענטשן; פֿון זינט מען האָט אָנגעהויבן שרײַבן כינעזיש, האָט מען קיין מאָל ניט אויפֿגעהערט, און עס איז גאַנץ קלאָר, אַז ווען די אייראָפּעיִשע פֿאָרשערס האָבן געפּרוּווט אַרײַנדרינגען אין די סודות פֿון דער כינעזישער שפּראַך און שריפֿט, האָבן זיי דערבײַ געהאַט הילף פֿון די כינעזער גופֿא.

אַנדערש איז געווען מיט עגיפּטיש.

אַ שטיקל איבערבלײַב פֿון די אַלטע מיִצרים איז נאָך יאָ פֿאַראַן. דאָס זײַנען די קאָפּטן, אַ קריסטלעך פֿאָלק וואָס לעבט נאָך בײַ הײַנטיקן טאָג אין עגיפּטן אין אַ צאָל פֿון אַ וואָסערע זיבן הונדערט טויזנט אויף די עלף מיליאָן אַראַבער אין דעם לאַנד. דער קאָפּטישער גאָטסדינסט גייט נאָך הײַנט אויף אַ שפּראַך וואָס וואַקסט אַרויס פֿון אַלט־מיִצריש; אָבער צום לייענען די אַלטע שריפֿט האָט עס ניט. דאָ קען מען בײַ קיינעם ניט איבערפֿרעגן, דאָ קען קיינער ניט העלפֿן, ווײַל שוין אַ מעשׂה פֿון זעכצן הונדערט יאָר ווי מען האָט די אַלט־מיִצרישע שרײַבצייכנס אין גאַנצן פֿאַרגעסן.

פֿון יעמאָלט אָן ווערט קאָפּטיש געשריבן מיט אַ מין אַלף־בית וואָס מען האָט איבערגענומען פֿון גריכיש. די אַלטע שרײַבצייכנס האָט מען אַזוי שטאַרק פֿאַרגעסן, אַז מען האָט אַפֿילו אויפֿגעהערט פֿאַרשטיין, צו וואָס זיי האָבן געדינט לכתחילה. מען האָט זיך אײַנגערעדט, אַז דאָס איז גאָרניט געווען קיין שריפֿט אויף צו לייענען, נאָר עפּעס סודותדיקע סימבאָלן פֿון אַ טיפֿער און הייליקער חכמה. דערפֿאַר האָט זיך טאַקע אײַנגעבירגערט דער נאָמען „היעראָגליפֿן", וואָס דאָס מיינט: הייליקע אײַנקריצונגען.[1]

מער ווי דאָס האָט קיינער ניט געוווסט, און איינער האָט דאָס בלינד נאָכגעזאָגט דעם צווייטן. מער ווי טויזנט יאָר זײַנען אַוועק איידער עס האָט זיך געפֿונען עמעצער וואָס זאָל וועלן דערגיין דעם סוד פֿון די היעראָגליפֿן; און אַז מען האָט זיך שוין יאָ פֿאַראינטערעסירט איבער אַ נײַס מיטן אַלטן מיצרישן כּתבֿ, האָט מען נאָך אויך הונדערטער יאָרן געבלאָנדזשעט אין דער פֿינצטער. ערשט די לעצטע הונדערט יאָר האָט מען באַשיידט דאָס רעטעניש פֿון די היעראָגליפֿן, און עס קען זײַן, אַז ווען עס טרעפֿט ניט אַ גליק—דאָס וואָס מען האָט געפֿונען דעם שטיין פֿון ראָזעטע—וואָלט דאָס געבליבן אַ רעטעניש פֿאַר אונדז ביז הײַנטיקן טאָג.

אַ ביסל שפּעטער וועלן מיר דערציילן פּרטים וועגן דעם שטיין פֿון ראָזעטע און וועגן דעם פֿראַנצויז שאַמפּאָליאָן וואָס האָט אים דעשיפֿרירט; דערווײַל לאָמיר הערן, וואָס די אויפֿדעקער האָבן אויסגעפֿונען.

---

1 היעראָס הייסט אויף גריכיש: „הייליק", גליפֿין הייסט: „אײַנקריצן".

## דעם קיניג נאַר־מערס גבֿורות

איינער פֿון די עלטסטע דאָקומענטן וואָס זײַנען אונדז געבליבן פֿון די אַלטע מִצרים איז אַ טאָוועלע וואָס אילוסטרירט דעם קיניג נאַר־מערס גבֿורות (זע געמעל 24). אין מיטן טאָוועלע איז פֿאַרגעשטעלט דער קיניג גופֿא; מיט דער לינקער האַנט האַלט ער פֿאַר די האָר אַ שׂונא וואָס ליגט פֿאַר אים אויף די קני, מיט דער רעכטער גרייט ער זיך צו געבן אים דעם טויטקלאַפּ.



געמעל 24

ווען אויפֿן טאָוועלע זאָל זײַן ניט מער ווי דאָס, וואָלטן מיר געזאָגט: יאָ, מיר ווייסן שוין; אַזוינס האָבן

מיר אָנגערופֿן געדאַנקען־שריפֿט. דאָ זײַנען דאָך איבערגעגעבן ניט קיין ווערטער און אַפֿילו ניט קיין פֿעסטע זאַצן, ס׳איז מערניט אַן אַלגעמיינע אינפֿאָרמאַציע וועגן דעם קיניג נאַר־מערס גבֿורות. ווען מיר זאָלן געווען האָבן מערניט אַזוינע „געשריפֿטסן” פֿון אַלטן מיצרים, וואָלטן מיר געמוזט זאָגן, אַז אויף צייכענען זײַנען די מִצרים געווען גרויסע בֿריות, נאָר אין דער קונסט פֿון שרײַבן האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט בײַם אָנהייב.

געפֿינען מיר אָבער אויף דעם זעלביקן טאָוועלע נאָך פֿאַרשיידענע צייכענונגען, וואָס פֿון זיי איז די וויכטיקסטע רעכטס אויבן אין ווינקל. מיר זעען דאָ אַ פֿויגל, אַ פֿאַלק: ער האַלט אין פֿיסל אַ שטריק וואָס איז דורכגעצויגן דורך די ליפּן פֿון אַ מענטשישן קאָפּ. רעכטס פֿון קאָפּ, אונטערן פֿויגל, זעען מיר זעקס לאָטאָסבלומען. נאָך אַ ביסל נידעריקער איז אָנגעצייכנט אַ האַרפּונע,[1] און אונטער דעם אַ גראָדעק מיט געכוואַליעטע ליניעס אינעווייניק.

וואָס קען דאָס אַלץ באַטײַטן? שטיינדאָרף, דער גרויסער דײַטשער עגיפּטאָלאָג, האָט דאָס אויסגעטײַטשט, און אַלע פֿאָרשערס זײַנען הײַנט מיט אים מסכּים: דער פֿאַלק איז אַ סימבאָל פֿון קיניג. דער שטריק וואָס איז דורכגעצויגן דורך די ליפּן פֿונעם מענטשישן קאָפּ דאַרף באַווײַזן, אַז דער קיניג האָט אײַנגעצאַמט דעם שׂונא. דער גראָדעק באַטײַט אַן אָזערע. אַ האַרפּונע הייסט אויף מִצריש „וואַ”, און צוזאַמען מיט דעם גראָדעק לעבן דעם דאַרף עס באַצייכענען, אַז דער קיניג האָט באַצוווּנגען די מענטשן פֿון דעם לאַנד וואַ, וואָס ליגט לעבן אַן אָזערע.

---

[1] אַן אײַזן מיט אַ שפּיצעכיקן האָק.

די לאָטאָסבלומען באַגעגענען זיך אין די טויזנטער אין די זומפּן פון מיצרים, דעריבער איז יעטווידער בלאַט אַזאַ דער צייכן פאַר אַ טויזנט. די זעקס בלעטער לעבן דעם געצאַמטן קאָפּ באַטײַטן הייסט עס, אַז דער קיניג האָט אַרויסגעפירט פונעם לאַנד וואַ 6000 געפאַנגענע.

ווי מיר זעען, האָט אונדז די „שריפט" רעכטס אין ווינקל דערציילט מער און פּרטימדיקער איידער דאָס בילד אין מיטן. ס'איז שוין ניט געדאַנקען־שריפט, נאָר זאַצנשריפט.

געדאַנקען־שריפט אַליין באַגעגנט זיך נאָר אויף די סאַמע עלטסטע מאָנומענטן; שפּעטער האָבן די מיצרים דערגרייכט אַ סך ווײַטער; מערניט וואָס זיי האָבן געוואָלט אָפּהיטן אַלטס און האָבן דעריבער געשריבן פאַר איינס אי אויפן אַלטן, אי אויפן נײַעם שטייגער.

## בילדער־צייכנס

ריידנדיק אין פאַרגאַנגענעם קאַפּיטל וועגן די כינעזישע שרײַבצייכנס, האָבן מיר שוין געזען, אַז דער עיקר פּרינציפּ איז בײַ די כינעזער אַזאַ: יעטווידער וואָרט ווערט באַצייכנט דורך אַ באַזונדער צייכן. אויב מען וויל אָנשרײַבן הונט, מאָלט מען אויס אַ הונט; אויב מען וויל אָנשרײַבן בוים, מאָלט מען אויס אַ בוים. די מיצרישע ווערטער־שריפט האָט זיך אויך אָנגעהויבן אויפן זעלביקן אופן. עס זײַנען פאַראַן בײַ די מיצרים אַ וואָסערע 500 צייכנס וואָס גיבן פשוט איבער בילדער; יעדער וואָרט ווערט אויסגעדריקט דורך אַ בילד. און מען מוז זאָגן, אַז וואָס וואָס, נאָר אין צייכענען קלאָר און באַשיידלעך זײַנען די מיצרים געווען גרעסערע קינסטלער איידער די כינעזער.

בלום
שוואַלב
זשיראַף
אויג
זעלנער

געמעל 25

זון
באַרג
זשוק
בויגן
אַקער=אײַזן
ברויט
ווינקל
גיין

גיט נאָר אַ קוק אויף די פֿיגורן פֿון געמעל 25. אַדרבא לייענט: בלום, שוואַלב, זשיראַף, אויג, זעלנער, זון, באַרג, זשוק, (פֿײַלן=)בויגן, אַקער=אײַזן, ברויט, ווינקל. צי קען מען ניט פֿאַרחידושט ווערן פֿון דער קלאָרקייט און פֿאַרשטענדלעכקייט פֿון די צייכע=נונגען?

ביז איצט האָבן מיר געהאַט זאַכן. פונקט אַזוי אויסדריקלעך זײַנען אָפּגעמאָלט פֿאַרשיידענע טוונגען. דאָ גופֿא זעען מיר עטלעכע אַזוינע טווערטער. שלאָגן ווערט אויסגעמאָלט דורך אַ מאַן מיט אַן אויפֿגעהויבענעם שטעקן, פֿ ל י ע ן — דורך אַ פֿויגל מיט אויסגעשפּרייטע פֿליגלען, ע ס ן — דורך אַ מענטשן וואָס זיצט און לייגט צו די האַנט צום מויל, ר ו ד ע ר ן (אַ שיפֿל) — דורך אַ האַנט מיט אַ רודער, ג י י ן — דורך צוויי פֿיס, ש פּ ר ײַ ז ן — דורך איין פֿוס אאַז״וו.

עסן
פֿליִען
שלאָגן
ע״נען
שפּרײַזן
רודערן
קעמפֿן

שווערער איז שוין געווען איבערצוגעבן מער אַבסטראַקטע באַגריפֿן, וואָס מען קען זיי ניט זען מיט אויגן און ניט אָנטאַפּן מיט די הענט. דאָ האָט מען זיך געגעבן אַן עצה דורך אויסמאָלן עפּעס אַ כאַראַקטעריסטישע סיטואַציע, דאָס הייסט, מען איז געגאַנגען אויפֿן זעלבן וועג ווי מיר האָבן דאָס געזען ביַי אַנדערע פֿעלקער. קוקט זיך איַין אין געמעל 26.




געמעל 26

עלטער האָט מען אויסגעמאָלט מעשׂה מאַן וואָס שפּאַרט זיך אָן אויף אַ שטעקן; געפּינען—דורך אַ פֿויגל וואָס פּיקט; דרום—דורך אַ ליליע, ווײַל אַ ליליע איז געווען אין הערב פֿון דרום־מיצרים; הערשן — דורך אַ הערשעררוט (סקעפּטער); קיל—דורך אַ וואַזע, פֿון וועלכער עס גיסט זיך וואַסער.

## רעבוסן ביַי די מיצרים

ביז אַ צײַט האָט אַזאַ מין פּרימיטיווע שריפֿט געקלעקט. אָבער וואָס מער דאָס לעבן פֿון די מיצרים איז רײַכער געוואָרן, אַלץ מער האָבן זיי געמוזט שפּירן, אַז מיט אַזאַ מין בילדערשריפֿט וועלן זיי ווײַט ניט אַוועק. צו דעם קומט נאָך צו, וואָס אין דער מיצרישער שפּראַך זײַנען פֿאַראַן מאַסן ווערטער ווי מיט, צו, פֿון, איבער, און

אויך אַ סך ווערטעלעך וואָס ווערן צוגעשטעלט צו די ווערטער בײַם אָנהייב און בײַם סוף. פֿאַר ווערטער ווי עלטער אָדער געפֿינען קען מען נאָך ווי ס׳איז צוזוכן אַ בילד, אָבער איבערגעבן דורך צייכענונגען אַזעלכע אונטערשיידן אַ שטייגער ווי: פֿאַרשרײַבן, אויפֿשרײַבן, אָנשרײַבן, אַרײַנשרײַבן אאַז״וו איז לחלוטין אוממיגלעך. די מיִצרים זײַנען דעריבער אַוועק אויף דעם וועג וואָס מיר האָבן שוין געזען בײַ די כינעזער, אויפֿן וועג פֿון רעבוסן.

לאָמיר נאָך אַ מאָל פּרוּוון זיך דערמאָנען, וואָס פֿאַר אַ וועג דאָס איז. פֿאַראַן אין יעדער שפּראַך אַזעלכע ווערטער וואָס מען רופֿט „האָמאָנימען": קלינגען קלינגען די ווערטער גלײַך, נאָר דער פּשט זייערער איז גאָר אַ פֿאַרשיידענער. אויב איך וואָלט וועלן למשל איבער־געבן מיט בילדערשריפֿט אַזאַ מין זאַך: „עס האָט דעם טעם פֿון מָן", איז פֿאַר דעם וואָרט מָן זייער שווער צו געפֿינען אַ בילד. איך קען אָבער אַנשטאָט דעם אויסמאָלן אַ מאַן. אָדער אויף צו באַצייכענען אַ מענטשן, וואָס זײַן נאָמען איז גלעזער, קען איך אָנצייכענען צוויי טייגלעזער. געוויינטלעך, אין דער ערשטער מינוט וועט פֿאַר דעם „לייענער" זײַן ניט גרינג צו טרעפֿן, וואָס דאָס מיינט, אָבער בײַ אַ געהעריקער געניטונג און אויב דער קאָפּ אַרבעט לערנט מען זיך אויס.

אויב מיר וועלן הייסט עס געוויר ווערן, אַז די ווערטער אויג און מאַכן, הויז און אַרויסקומען קלינגען אין מיִצריש גלײַך, וועלן מיר זיך שוין ניט חידושן, וואָס דאָס וואָרט מאַכן ווערט אָנגעשריבן דורכן

צייכן „אויג", דאָס וואָרט אַרויסקומען דורכן צייכן „הויז" און אַזוי ווײַטער.

ווען מיר קלערן וועגן ייִדיש אָדער וועלכער ס'איז אַנדער אייראָפּעיִשער שפּראַך, קענען מיר זיך גאָרניט אויסמאָלן, ווי ברייט די מיִצרים האָבן געניצט האָמאָנימען. ווידער קומט צו אַ זאַך וואָס האָט נאָך מער פֿאַרגרעסערט די מיגלעכקייט פֿון ניצן איין צייכן פֿאַר אַ סך ווערטער: די מיִצרים האָבן ניט געלייגט קיין אַכט אויף די וואָקאַלן, *זיי האָבן זיך גערעכנט מערניט מיט די קאָנסאָנאַנטן.*

ווי אַזוי קומט מען דאָס אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט די וואָקאַלן? מיר וועלן דאָס פֿאַרשטיין, אויב מיר וועלן זיך דערמאָנען, אַז די היעראָגליפֿן זײַנען תּחילת געווען בילדער. אַ בילד קען דאָך ניט איבערגעבן פּינקטלעך יעטווידער וואָרט, ס'קען דאָך איבערגעבן אין בעסטן פֿאַל נאָר אַ באַגריף.[1] אַ שטייגער אויב איך דריק אויס דאָס וואָרט (איך) *בינד* מיט אַ בילד פֿון אַ בינטל צונויפֿגעבונדענע זאַנגען, וועט שוין דאָס זעלבע בילד מוזן דינען פֿאַר די ווערטער *באַנד* און *בונד* אויך. אויב אָנגעצייכנטע פֿליגלען פֿון אַ ווינטמיל זאָלן אַרויסברענגען דאָס וואָרט (איך) *מאָל*, וועלן זיי שוין מוזן אויסהעלפֿן פֿאַר *מיל*, און מיסתּמא אַפֿילו פֿאַר *מעל* אויך. דאָס זעלביקע האָט איין בילדצייכן געמוזט קלעקן פֿאַר (איך) *לײַכט* און *ליכט*, און דאָס גלײַכן; מיט אַנדערע ווערטער, עס האָט זיך געבעטן, אַז די מיִצרים זאָלן אַוועקקוקן פֿון די

[1] באַגריף הייסט אויף גריכיש „אידעע"; דערפֿאַר רופֿט זיך אַזאַ שריפֿט *אידעאָגראַפֿיע* און די צייכנס — *אידעאָגראַמען.*

וואָקאַלן און זאָלן לייגן אַכט נאָר אויף די קאָנסאָנאַנטן־גרופּעס ב—נד, מ—ל, ל—כט אאַז״וו.

מען דאַרף פאַרשטיין, אַז איך האָב דאָ ניט געבראַכט קיין מוסטערס פון מיצרישע ווערטער, נאָר מערניט אויף ייִדישע ווערטער געגעבן צו פאַרשטיין דעם מיצרישן גאַנג.

## צייכנס פאַר גרופּעס קאָנסאָנאַנטן

איצטער זיינען מיר שוין צוגעקומען גאַנץ נאָענט צום סוד פון דער מיצרישער שריפט, וואָס זי שאַפט זיך אַזוי פריי מיט האָמאָנימען און דערצו פאַררעכנט זי נאָך פאַר אַ האָמאָנים יעטווידער וואָרט מיט די זעלביקע קאָנסאָנאַנטן. מיר זיינען דורכגעקומען, כאָפּ איך אָן, אַז פליגלען פון אַ ווינטמיל באַצייכענען די דריי ווערטער (איך) מאָל, מיל, מעל, ניט צו רעכענען זיך מיט זייערע וואָקאַלן. אָבער אויב דער צייכן „פליגלען פון אַ ווינטמיל״ דריקט אויס, קען מען זאָגן, נאָר די קאָנסאָנאַנטן־פאַרבינדונג מ־ל, טאָ פאַר וואָס זאָלן מיר זיך באַנוגענען נאָר מיט אַזוינע ווערטער וואָס זיינען פון איין שורש? פאַר וואָס זאָלן מיר ניט מיטן זעלבן צייכן „פליגלען פון אַ ווינטמיל״ קענען איבערגעבן נאָך אַזוינע ווערטער ווי מאָל (דריי מאָל) און אַפילו מויל און מייל? ווי באַלד מען דאַרף זיך ניט רעכענען ניט מיטן אָפּשטאַם פון די ווערטער און ניט מיט זייער פשט, נאָר מערניט מיטן גלייכקלאַנג, קען מען „אויסלייגן״ מיטן זעלביקן צייכן מאַן—מאָן—מין—(איך) מיין—מיין—מען; (איך) לאָב (זיך)—לויב—ליב—לייב—לייב — (איך) לעב; וואַנט—(ער) ווינט —(ער) ווינט—ווינט אאַז״וו.

אַזוי האָבן זיך טאַקע נוהג געווען די מיצרים.

אַ מיסטזשוק איז ניט שווער אָנצוצייכענען. אַזאַ זשוק ווערט באַצייכנט מיט אַ וואָרט וואָס האָט אין זיך די קאָנסאָנאַנטן כ=פּ=ר. די זעלביקע דרײַ קאָנסאָנאַנטן זײַנען אָבער אויך פֿאַראַן אין דעם וואָרט ווערן (איך ווער אַ שרײַבער, עס ווערט וואַרעם). ממילא ווערט דאָס וואָרט „ווערן" געשריבן מיט דער פֿיגור פֿון מיסט=זשוק, כאָטש לויטן באַטײַט איז צווישן די ביידע ווערטער ניטאָ קיין שום צוזאַמענבונד. דאָס וואָרט גרויס האָט די זעלביקע קאָנסאָנאַנטן ו=ר ווי דאָס וואָרט שוואַלב. ממילא איז שוין פֿאַראַן אַ צייכן פֿאַרן וואָרט גרויס אויך. מען צייכנט אָן אַ שוואַלב, און אין אַ געוויסן זאַץ קען עס גאָר מיינען „גרויס".

די זעלביקע צייכנס קען מען אויסניצן ווײַטער אויך. לאָמיר זאָגן, אַז מיר האָבן גענומען דעם צייכן פֿאַר „מויל" און מיר ניצן אים פֿאַר אַלע ווערטער, ווו עס באַגעגענען זיך די קלאַנגען מ=ל. איצטער דאַרפֿן מיר אָנשרײַבן אַ וואָרט מאָלצײַט. קענען מיר די ערשטע העלפֿט וואָרט, „מאָל=", אָנשרײַבן דורכן צייכן „מויל" און צו דעם צושרײַבן דעם צייכן פֿאַר „צײַט". אָדער מיר דאַרפֿן אָנשרײַבן אויף מיצריש דאָס וואָרט מולטער. די ערשטע העלפֿט ווייסן מיר שוין ווי אויסצולייגן: מיר נעמען דעם צייכן „מויל", וואָס דאָ באַטײַט ער „מ=ל". די צווייטע העלפֿט וואָרט וואָלטן מיר אפֿשר געקאָנט איבערגעבן דורך אָנשרײַבן דעם צייכן „טיר", וואָס דאָ וואָלט עס געמיינט ט=ר. אַרום און אַרום וואָלטן מיר געהאַט: מ=ל+ט=ר, און בײַ אַ ביסל חריפֿות איז ניט שווער זיך אָנצושטויסן, אַז דאָס מיינט „מולטער".

אויף געמעל 27 האָבן מיר עטלעכע אַזעלכע קלאַנגען־גרופּעס פֿון דער מיצרישער שריפֿט, דהיינו די קלאַנגען כ־ן, נ־וו, ש־וו, מ־ש, מ־ן.




געמעל 27

מיר זעען דערפֿון, אַז אויף וויפֿל מען האָט געהאַט צו טון מיט אַ גרופּע פֿון צוויי קאָנסאָנאַנטן, האָט דער צייכן איבערגעגעבן אַ ט ר אַ ף.

נו, איצט לאָמיר ווייזן וואָס מיר קענען. ווי אַזוי וועט מען דאַרפֿן אָנשרייבן כמו אויף מיצריש מ י ל ך, מ י ל ץ, מ י ל ב, מ אַ ל ץ, מ ע ל ק? עס קומט אויס, אַז ס'איז גאָרניט אַזוי האַרב: שרייבן דאַרפֿן מיר דאָך בלויז די קלאַנגען מ־ל־ך, מ־ל־ץ, מ־ל־ב און אַזוי ווייטער. וועלן מיר נעמען דעם צייכן „מויל", וואָס דאָ וועט ער באַטייטן מ־ל, און צוגעבן צו אים די געהעריקע אותיות. ווי מיר זעען דאָס אין סלופּיקל לינקס. איין חיסרון לאָזט זיך ניט אויסמיידן: פֿון מ י ל ץ ביז מ אַ ל ץ וועט קיין חילוק אין אויסלייג ניט זיין.

| | | |
|---|---|---|
| מויל | = | מ־ל |
| מילך | = | (מ־ל)+ך |
| מילץ | = | (מ־ל)+ץ |
| מילב | = | (מ־ל)+ב |
| מאלץ | = | (מ־ל)+ץ |
| מעלק | = | (מ־ל)+ק |

דאָס איז ניט נאָר אַ סבֿרא, נאָר אַזוי האָבן דאָס טאַקע די אַלטע מיצרים געשריבן. למשל זיין מ י ד ווערט אויסגעדריקט אויף מיצריש דורך די קלאַנגען וו־ר־ד. פֿלעגן

זיי נעמען און אַוועקשטעלן פֿריִער דעם צייכן „שוואַלב״ (וואָס הייסט, ווי מיר האָבן געזען, ווי־ר) און צוגעבן צו דעם אַ צווייטן צייכן וואָס זאָל איבערגעבן דעם קלאַנג ד. בכֵן איז צוזאַמען אַרויסגעקומען דאָס וואָס מען האָט געדאַרפֿט: ווי־ר־ד.

דאָס פֿירט אונדז צו צו אַ באַמערקווערדיקן אויספֿיר. הייסט עס די מִצרים האָבן שוין געהאַט צייכנס פֿאַר אַן איינציקן קלאַנג ד? אויב יאָ, קומט דאָך אויס, אַז זיי האָבן געהאַט אַזאַ אותיות־שריפֿט ווי מיר!

עס איז טאַקע ניט ווײַט דערפֿון.

פֿאַראַן אין דער מִצרישער שפּראַך ווערטער וואָס האָבן גאָר אַ מאָל געהאַט אין זיך צוויי קאָנסאָנאַנטן, נאָר דערנאָך איז דער צווייטער קאָנסאָנאַנט אָפּגעפֿאַלן און ס׳איז געבליבן ניט מער ווי איינער. למשל דאָס וואָרט ר י ג ל האָט ניט מער ווי איין קאָנסאָנאַנט, ז (דעם וואָקאַל, די נקודה, ווייס מען ניט), און ממילא איז פֿונעם צייכן „ריגל״ גאָר געוואָרן דער א ו ת ז. דער בילד־צייכן ב ר ו י ט („ט״ מיט אַ וואָקאַל וואָס מען ווייסט ניט) איז געוואָרן דער א ו ת ט, און אַזוי ווײַטער. די מִצרישע שפּראַך איז אויף דעם אופֿן געקומען צו 24 אותיות, וואָס זיי זײַנען פֿאַרשטייט זיך אַלע קאָנסאָנאַנטן. עטלעכע אותיות מיט זייער באַטײַט ווערן געבראַכט אויף געמעל 28.

אָט איצטער ווערט קלאָר דער צווייטער טעם, פֿאַר וואָס מיר האָבן גערעדט פֿריִער וועגן די כינעזער און

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| כ | ע | ד | א | ר | נ | ב | ז |

געמעל 28

דערנאָך וועגן די מיִצרים. די כינעזער האָבן זיך אָפּגע־שטעלט ביַי זייער וווערטערשריפט און שטייען ביַי איר עד־היום; די מיִצרים האָבן זיך אַ רוק געטאָן וויַיט פאָרויס. האָבן מיר געוואָלט ריידן פריִער וועגן דעם מער פּרימיטיוון גאַנג. מיר האָבן דאָך געזען, אַז די מיִצרים זיַינען דורכ־געגאַנגען אַלע שטאַפּלען: פון געדאַנקען־שריפט צו ווערטערשריפט, דערנאָך צו טראַפנשריפט (ווו איין צייכן באַטיַיט סך־הכּל צוויי קאָנסאָנאַנטן מיט אַ מאָל), און סוף־כּל־סוף צו אותיות־שריפט. צי זייער אַלף־בית פון 24 אותיות איז אַ גרינגער אָדער אַ שווערער, נאָר מען קען מיט אים אויסלייגן אַלע ווערטער, און דאָס איז דאָך דער עיִקר.

## אין צווייען איז שטאַרקער

ווען אַלצדינג אין דער וועלט וואָלט געגאַנגען אַזוי ווי דער שׂכל טראָגט אויס, וואָלטן מיר דאָ געקענט ענדיקן די געשיכטע פון דער מיִצרישער שריפט. אָבער לאָגיק איז איינס און פּראַקטיק איז עפּעס אַנדערש. אין דער פּראַקטיק האָבן די מיִצרים ניט דורכגעמאַכט אַזאַ רעוואָ־לוציע. ווען מיר האָבן זיך אַיַינגעקוקט אין קיניג נאַר־מערס טאָוועלע, האָבן מיר שוין געזען, ווי קאָנסערוואַטיוו[1] זיי

[1] קאָנסערוואַטיוו רופט מען איינעם וואָס וויל אויפהיטן דאָס וואָס עס איז פאַראַן, פונעם לאַטיַינישן וואָרט conservare — אויפהיטן.

זײַנען געווען: בשעת זיי האָבן שוין געשריבן זאַצנשריפֿט האָבן זיי נאָך אַלץ געצייכנט געדאַנקען־שריפֿט אויך. און דאָס אייגענע שפּעטער: נאָך דעם ווי זיי זײַנען דערגאַנגען צו זייער אַלף־בית פֿון 24 אותיות איז נאָך בײַ זיי אַלץ געבליבן אין באַנוץ די ווערטערשריפֿט און די טראַפֿנשריפֿט אויך. למשל צ י ט ע ר ן הייסט נ־וו־ר (די נקודות ווייסט מען ניט). וואָלט מען דאָך געקענט אָנשרײַבן דוכט זיך דעם צייכן פֿאַר נ, דערנאָך דעם צייכן פֿאַר וו און דעם צייכן פֿאַר ר,—און שוין. די מיצרים פֿלעגן זיך אָבער פֿאַרגינען אויסצולייגן דאָס אַזוי: פֿריִער דעם צייכן נ־וו, דערנאָך דעם צייכן וו־ר, און דערנאָך ערשט אַ „ר״ צום סוף. אָדער מ־נ־ך ווערט געשריבן: מ־ן, דערנאָך נאָך אַ מאָל „נ״, דערנאָך ערשט אַ ך.

אויף געמעל 29 איז אויסגעמאָלט דאָס וואָרט נ־וו־ר, צ י ט ע ר ן. רעכטס קען מען זען, ווי אַזוי די שרײַבונג וואָלט אויסגעזען, ווען מען וואָלט געשריבן אין מיצריש ריינע קלאַנגענשריפֿט; לינקס ווערט געוויזן די שרײַבונג וואָס איז פֿאַקטיש געווען אָנגענומען.



געמעל 29

מען זעט דאָ, אַז די מיצרים האָבן געהאַלטן פֿונעם פּרינציפּ: „אין צווייען איז שטאַרקער״. און אַ מאָל האָט מען זיך נאָך אײַנגעשפּאַרט, אַז „אין דרײַען איז גאָר גוט״,

דאָס הייסט, אַז נאָכן איבערחזרן עטלעכע מאָל די קלאַנגען האָט מען נאָך צוגעשטעלט דעם אַלטן ווערטער-צייכן אויך. אָט דאָס הייסט אויסברענגערײַ!

באַשטימערס

דערמיט איז מען נאָך אָבער ניט יוצא. מען האָט זיך פֿאַרגונען אין שרײַבן נאָך אַ גרעסערן לוקסוס.

מיר האָבן שוין געזען, אַז עס זײַנען פֿאַראַן אין מיצריש אַ סך ווערטער, וואָס איטלעכס פֿון זיי האָט עטלעכע טײַטשן. אָט קען דאָס וואָרט מ-נ-ך, וואָס מיר האָבן עס אָקערשט דערמאָנט, באַטײַטן דרײַ פֿאַרשיידענע זאַכן: וואַקס, פּאַפּירוס-געוויקס,[1] יונגער-מאַן. איז אויף צו באַצייכענען דעם אונטערשייד האָבן די מיצרים גענומען די שרײַבונג מ-נ-ך און צוגעשטעלט צו איר אַ באַשטימער בערך אויפֿן זעלביקן אופֿן ווי מיר האָבן דאָס געזען אין כינע. אויב דאָס באַטײַט וואַקס, גיט מען צו צום וואָרט דעם סימן וואָס באַצייכנט „קערנדיקע שטאָפֿן און דאָס גלײַכן". אויב עס זאָל הייסן יונגער-מאַן, גיט מען צו צו דער קאָנסאָנאַנטן-גרופּע מ-נ-ך דעם סימן „מענער"; אויב עס זאָל באַטײַטן פּאַפּירוס, גיט מען צו דעם סימן „געוויקסן". די אַלע וואַריאַציעס זעען מיר אויף געמעל 30.

[1] דער פּאַפּירדס איז אַ געוויקס אַזאַ, וואָס וואַקסט אין די זומפּן פֿון אַפֿריקע. ער באַשטייט פֿון זאַנגען וואָס האַלטן אַ 2—3 מעטער די הייך און זײַנען די גרעב אַזוי ווי אַ מענטשלעכע האַנט. דאָס אינעווייניקסטע הײַטל פֿון די זאַנגען פֿלעגט מען אַרויסנעמען, טריקענען און שרײַבן אויף דעם. פֿון דעם געוויקס נעמט זיך טאַקע אין אייראָפּע דער נאָמען „פּאַפּיר". ווען מען האָט זיך שפּעטער אויסגעלערנט מאַכן שרײַבשטאָף פֿון שמאַטעס (און נאָך שפּעטער פֿון האָלץ), איז אַלץ געבליבן דער נאָמען „פּאַפּיר" אין אַ גרויסער צאָל אייראָפּעיִשע שפּראַכן.




געמעל 30




געמעל 31

צו וואָס איז די זאַך געגליכן? אויפֿן זינען קומט דאָס ייִדישע ווערטל: „עס ווענדט זיך, ווו דער חַמר שטייט״. וואָרעם חַמור הייסט אין לשון־קודש אייזל און חֶמֶר (אין ייִדיש אויך אַרויסגערעדט פּונקט ווי חַמור) הייסט אין לשון־קודש ווײַן. איז אויב מיר זאָלן גיין מיטן מיצרישן גאַנג, וואָלטן מיר געדאַרפֿט צו דעם דאָזיקן וואָרט דאָס ערשטע מאָל נאָך צוצייכענען אַן אייזל, דאָס צווייטע מאָל — אַ פֿלאַש ווײַן.




געמעל 32

אויף געמעל 32 זײַנען געגעבן עטלעכע באַשטימערס, פֿון די מער אָנגענומענע. פֿון די צייכענונגען קען מען נאָך אַרויסזען זייער דירעקטן באַטײַט.

## פיר קאַטעגאָריעס צייכנס

אַרום און אַרום באַשטייט די היעראָגליפישע שריפט פון אַ 500 צייכנס וואָס טיילן זיך הייסט עס אין פיר קאַטעגאָריעס:

1) צייכנס — ווערטער, זיי האָבן לכתחילה באַצייכנט די זאַכן וואָס זיי גיבן איבער;

2) צייכנס — טראַפן, אַרויסגעוואַקסן פון די צייכנס—ווערטער;

3) צייכנס — אותיות, אין אַ צאָל פון 24.

4) צייכנס — באַשטימערס, מען שטעלט זיי צו אויף צו פאַרגרינגערן דאָס לייענען.

לייענען לייענט מען די היעראָגליפן אָדער פון אויבן אַראָפ (אַזוי ווי ביי די כינעזער), אָדער — דאָס רוב — פון רעכטס אויף לינקס, אַזוי ווי מיר שרייבן אין העברעיִש און ייִדיש; זעלטן ווען וואַרפט זיך דורך אַ שרייבונג פון לינקס אויף רעכטס אויך. די קעפ אויף די בילדער פון מענטשן און בעלי־חיים זײַנען אַלע מאָל אויסגעדרייט צו יענער זײַט צו, פון וואַנען מען האָט געהאַט אָנגעהויבן שרייבן די שורה.

הייסט עס קיין גאָר פעסט אײַנגעשטעלטער סדר פון שטעלן די שרײַבצייכנס איז נאָך ביי די מיצרים ניט געווען.

ביי אונדז קומט דאָס אויס מאָדנע, אָבער ס'איז אַ פאַקט, אַז ביי די מיצרים האָט דער אייגענער טעקסט געקאָנט זײַן אָנגעשריבן אָדער:

ס
׳
א
י
ז

ג
ע
ו
ע
ן

אָ
מ
אָ
ל

אַ
ן
ע
ִי
ל
ו
י

אָדער:

יולִיע ןאַ לאָמ אַ ןעוועג זיא׳ס

אָדער:

ס׳איז געווען אַ מאָל אַן עִילוי.

## דרײַ תּקופֿות מִצרישע שריפֿט

צום העכסטן פּונקט אין זייער אַנטוויקלונג האָבן די היעראָגליפֿן דערגרייכט מיט העכער דרײַ טויזנט יאָר צוריק. די מִצרישע געשריפֿטסן וואָס שטאַמען פֿון יענער צײַט זײַנען ניט נאָר קלאָר, נאָר זייער שיין אויסגעאַרבעט אויך. זיי זײַנען כּמעט אַלע מאָל אויסגעקריצט אויף די ווענט פֿון טעמפּלען אָדער אַנדערע בנינים. אַ מאָל שטאַרצן זיי אַרויס פֿון דעם שטיין און דער גרונט איז נידעריקער, אַן אַנדערש מאָל ווידער זײַנען זיי אַרײַנגעקריצט אינעם שטיין. אָפֿט זײַנען זיי באַפֿאָרבן אין פֿאַרשיידענע קאָלירן. די צייכנס זײַנען צונויפֿגעשטעלט אין געשלאָסענע גרופּעס, דאָס רובֿ אין דער פֿאָרם פֿון קוואַדראַטן.

אָט די שריפֿט רופֿט מען עס היעראָגליפֿן. שפּעטער־
צו, ווען מיצרים איז אַרונטערגעפֿאַלן אונטער דער ממשלה
פֿון די גריכן און דערנאָך פֿון די רוימער, האָבן די היעראָ־
גליפֿן פֿאַרלוירן זייער פּנים. אי זיי זײַנען געוואָרן נאָך
פֿאַרפּלאָנטערטער (אַזוי ווײַט וועלן מיר זיך שוין איצט ניט
אַרײַנלאָזן), אי זיי האָבן אָנגעווווירן זייער קינסטלערישן
כאַראַקטער.

אָבער נאָך אין דער צײַט, ווען מען האָט געקריצט
די היעראָגליפֿן לפֿי־ערך שיין, איז שוין אין מיצרים אויפֿ־
געקומען אַ נײַער מין שריפֿט. די מיצרים זײַנען געווען
אַ פֿאָלק אַ רירעוודיקס, מיט גרויסע פֿאַרבינדונגען אין מיסחר
און מיט ליטעראַרישע אינטערעסן, און ס'איז געווען אומ־
מיגלעך פֿאַר זיי צו בלײַבן בײַ אַ שטייגער שרײַבן, ווו
מען דאַרף יעטווידער צייכן אויסקריצן אָדער אויסהאַקן
אין שטיין.

האָט מען זיך אויסגעלערנט שרײַבן מיט אַ פּענדזל;
מען האָט געמאַכט אַ פּענדזל אַזאַ פֿון טשערעט און געשריבן
מיט רויטער אָדער שוואַרצער טינט אויף האָלץ, לעדער,
שערבלעך — און דער עיקר אויף דעם הײַטל פֿונעם פּאַפּירוס־
געוויקס.

לכתחילה האָבן די שרײַבערס מיסתּמא געהאַט אין
זינען נאָכצומאָלן מיטן פּענדזל די זעלבע צייכנס וואָס זיי
האָבן געזען אויסגעקריצט אויף די שטיינער, אָבער בדיעבֿד[1]
איז אַרויסגעקומען עפּעס אַנדערש, ווײַל בײַם נײַעם
מאַטעריאַל זײַנען די צייכנס אויך אַרויסגעקומען אַנדערש.
אין 12טן יאָרהונדערט פֿאַר קריסטוסן איז די שריפֿט

[1] אַרויסצורעדן: „בעדיעווער“, מיטן אַקצענט אויפֿן מיטלסטן ע.

שוין געהאַט געוואָרן נאָך פּשוטער. אָט די נײַע שריפֿט רופֿט מען אין דער וויסנשאַפֿט די היעראַטישע, דאָס הייסט „די הייליקע", כאָטש אויף אַן אמת איז דאָך דער סאָרט שרײַבונג גראָד געקומען צו פֿאַרבײַטן די הייליקע צייכנס, די היעראָגליפֿן. דער מאָדנער נאָמען נעמט זיך דערפֿון, וואָס אין 7טן י"ה פֿאַר קריסטוסן איז מען דערגאַנגען צו נאָך אַ מער פּשוטער שריפֿט — מען האָט זי אָנגערופֿן דעמאָטישע, דאָס איז דער טײַטש פֿאָלקשריפֿט, פּאָפּולערע שריפֿט, פֿונעם גריכישן וואָרט דעמאָס, פֿאָלק. יעמאָלט האָט מען די עלטערע שריפֿט כמעט ווי אויפֿגעהערט ניצן, סײַדן נאָר אַ מאָל אויף צו פֿאַרשרײַבן עפּעס אַ טעקסט מיט אַ רעליגיעזן אינהאַלט. אויף געמעל 33 זעען מיר, ווי אַזוי עס זעט אויס אַזאַ מין היעראַטישער טעקסט וואָס איז געשריבן מיט דער האַנט; ס'האָט שוין דאָ גאָרניט דעם אָנבליק פֿון די אַמאָליקע שיינע היעראָגליפֿן. אין די אונטערשטע צוויי שורות איז דער זעלבער טעקסט פֿון פֿאַרגלײַך וועגן געגעבן אין היעראָגליפֿן.

געמעל 33

הייסט עס, די מיצרים האָבן אין זייער שרײַבן דורכגעשפּרײַזט דרײַ שטאַפּלען: 1) היעראָגליפֿישע שריפֿט, 2) היעראַטישע שריפֿט, 3) דעמאָטישע שריפֿט.

אָבער די „פּשוטע" דעמאָטישע שריפט איז נאָך אויך געווען גענוג געפּלאָנטערט, איבער הויפּט ווײַל ס'איז שווער געווען זיך אַן עצה צו געבן מיט די וואָקאַלן.

וואָלטן די מיצרים ניט געזען קיין בעסערס, וואָלטן זיי זיך זיכער געווען געמוזט באַנוגענען דערמיט וואָס זיי האָבן געהאַט, און פּאַמעלעך וואָלטן זיי זיך מיסתּמא געווען דער־קלערט צו געוויסע אויסבעסערונגען. אין מיצרים האָט אָבער גענומען אַרײַנדרינגען צו ביסלעך די גריכישע שפּראַך, און אין איינעם מיט דער שפּראַך איז אויך געקומען די גריכישע שריפט, וואָס זי איז געווען אַ סך פּשוטער און האַנטיקער, ספּעציעל דורך דעם וואָס זי האָט געהאַט אי וואָקאַלן אי קאָנסאָנאַנטן. אין צווייטן יאָרהונדערט פֿאַר קריסטוסן האָט מען שוין אָנגעהויבן שרײַבן עגיפּטישע טעקסטן מיט גריכישע אותיות, און נאָך דעם ווי די ביידע שרײַב־סיסטעמען האָבן אָפּגעקאָנקורירט צווישן זיך אַ וואָסערע 500 יאָר, איז דער גורל פֿון דער אַלטער שריפט געווען באַשלאָסן. מען האָט אָנגעהויבן שרײַבן עגיפּטיש מיטן קאָפּטישן אַלף־בית, וואָס איז גענומען פֿון גריכיש. יעדערער, ווער עס קען די גריכישע אותיות, קען לייענען קאָפּטיש אָן שוועריקייטן, — ניט מער עס זײַנען צוגעגעבן זעקס היעראָטישע צייכנס.

## ווי אַזוי מען האָט דעשיפֿרירט די היעראָגליפֿן

כּל־זמן ביידע שרײַבסיסטעמען, די היימישע און די גריכישע, האָבן צווישן זיך קאָנקורירט, איז די קענטעניש פֿון די היעראָגליפֿן נאָך געווען פֿיל־ווייניק פֿאַרשפּרייט. אָבער שפּעטער האָט מען אין גאַנצן פֿאַרגעסן דעם באַטײַט

פֿון די אַלטע מיצרישע שרײַבצייכנס. און הײַנט, ווען מען ווייסט שוין, ווי אַזוי זיי אויסצוטײַטשן, ווייסט מען נאָך אַלץ ניט, ווי אַזוי זיי צו לייענען אויף ריכטיק, ווײַל מען ווייסט דאָך נאָר די קאָנסאָנאַנטן, ניט די וואָקאַלן.

דער ערשטער גרעסערער אויפֿטוער בײַם דעשיפֿרירן די היעראָגליפֿן איז געווען אַ דײַטשער פֿאָרשער ניבור וואָס האָט געלעבט אין דער צווייטער העלפֿט 18טן און אָנהייב 19טן יאָרהונדערט. ניבורס ספּעציאַליטעט איז גאָר געווען אַראַביש, נאָר אַגבֿ-אורחא האָט ער זיך פֿאַראינטערעסירט מיט די היעראָגליפֿן. ער איז געקומען צום באַשלוס, אַז ווי באַלד די צאָל צייכנס איז אַזוי קליין, קען דאָס ניט זײַן קיין ריינע ווערטערשריפֿט; דאָס מוזן זײַן צייכנס וואָס באַטײַטן טאָקע ניט מער ווי איינציקע אותיות. דאָס איז געווען זייער אַ וויכטיק פּרינציפּיעל געפֿינס, נאָר ביז איבערלייענען די היעראָגליפֿן איז נאָך געווען היפּש ווײַט.

אין יאָר 1799, בשעת נאַפּאָלעאָן איז געווען אין מיצרים, האָבן די מענטשן פֿון זײַן עקספּעדיציע געפֿונען לעבן דער שטאָט ראָזעטע, בײַ דער לעפֿצונג פֿון טײַך נילוס, אַ גרויסן שוואַרצן שטיין. אויף דער פֿאָדערשטער זײַט פֿון דעם שטיין זײַנען פֿאַראַן אויפֿשריפֿטן אין דרײַ פֿאַרשיידענע מינים שריפֿט. דער דריטער טעקסט, דער אונטערשטער, איז געשריבן אין גריכיש, און מען האָט דאָרטן איבערגעלייענט, אַז דאָס איז אַ דעקרעט לכּבֿוד דעם קיניג פּטאָלאָמאַיאָס עפּיפֿאַנעס (ער האָט געלעבט פֿון 204 ביז 181 פֿאַר קריסטוסן). צום סוף שטייט, אַז דער דאָזיקער דעקרעט זאָל פּובליקירט ווערן אין דרײַ שריפֿטן, „אין דער הייליקער, אין דער היימישער און אין דער גריכישער

שריפֿט". האָט מען זיך הייסט עס גרינג געקענט אָנשטויסן, אַז דיביידע אייבערשטע אומפֿאַרשטענדלעכע טעקסטן גיבן דעם זעלביקן אינהאַלט ווי דער גריכישער טעקסט. ווו נעמט מען נאָך אַ צווייטן שאַנס אַזאַ צו דערגיין דעם סוד פֿון די היעראָגליפֿן? אַ סך געלערנטע פֿראַנצויזן און ענגלענדער האָבן זיך גענומען צו דער זאַך. נאָר דער, וועמען די וועלט האָט צו דאַנקען פֿאַר דער דעשיפֿרירונג פֿון די היעראָגליפֿן, איז דער פֿראַנצויז שאַמפּאָליאָן.

בשעת עס איז קיין פֿראַנקרײַך אָנגעקומען די בשׂורה וועגן דעם שטיין פֿון ראָזעטע, איז שאַמפּאָליאָן אַלט געווען נײַן יאָר. די ידיעה האָט שטאַרק גענומען זײַן פֿאַנטאַזיע, און ווען ער האָט געהערט, אַז גרויסע געלערנטע ווילן דאָס איבערלייענען און קענען ניט, איז אים אַרײַן אין זינען, אַז ער מוז עס זײַן דער וואָס וועט אויפֿדעקן פֿאַר דער וועלט דעם סוד פֿון די היעראָגליפֿן.

אַז יינגלעך זאָלן זיך אַרײַננעמען אין קאָפּ פֿאַנטאַסטישע פּלענער איז קיין נאָווינע ניט; אָבער אַז אַ מענטש זאָל האָבן אין זיך גענוג כאַראַקטער־פֿעסטקייט, כדי דערוואַקסענערהייט דורכצופֿירן דאָס וואָס ער האָט זיך יינגלווײַז אַרײַנגענומען אין זינען — דאָס טרעפֿט שוין ניט אַלע טאָג. שאַמפּאָליאָן האָט זיך גענומען גרייטן צו זײַן עובֿדא מיט גרויס ערנצטקייט. ער האָט פֿריִער גרונטיק שטודירט גריכיש, דערנאָך האָט ער זיך גענומען צום יורש פֿון דער אַלט־מיִצרישער שפּראַך, צו די קאָפּטישע שריפֿטן. ער האָט צונויפֿגענומען אַלע פֿאָרמען פֿון היעראָ־גליפֿן וואָס ער האָט נאָר געפֿונען בײַ די פֿריִערדיקע פֿאָרשערס. אויפֿן סמך פֿון דעם וואָס ער איז דערגאַנגען

האָט ער אויסגעפֿונען, אַז די דרײַ טעקסטן אויפֿן שטיין פֿון ראָזעטע גיבן טאַקע איבער דעם זעלבן דעקרעט. גאָר אויבן גייט די אַלטע היעראָגליפֿן־שריפֿט, דערנאָך איז דער זעלבער אינהאַלט איבערגעגעבן מיט די דעמאָטישע צייכנס פֿון די לעצטע יאָרהונדערטער פֿאַר קריסטוסן; און גאָר צום סוף גייט דער זעלבער נוסח אין גריכיש.

איצטער האָט שאַמפּאָליאָן זיך גענומען צו די היעראָגליפֿישע געשריפֿטסן. ער איז דערגאַנגען דעם סוד, אַז אין די היעראָגליפֿן זײַנען אויסגעמישט פֿאַרשיידענע אויסלייג־פּרינציפּן און אַז לעבן די צייכנס וואָס באַטײַטן גאַנצע ווערטער זײַנען פֿאַראַן אַנדערע וואָס באַצייכענען נאָר טראַפֿן און אַפֿילו נישט מער ווי איינציקע קלאַנגען.

שאַמפּאָליאָן אַליין איז אַוועקגעשטאָרבן אין בליִענדיקן עלטער פֿון 42 יאָר, ער איז נאָך ניט געווען אַרײַנגעדרונגען אין אַלע סודות פֿון דער סודותדיקער שריפֿט; אָבער די גאַנצע עגיפּטאָלאָגישע וויסנשאַפֿט איז נאָך הײַנט געבויט אויף דעם וואָס ער האָט אויסגעפֿונען.

## VI. פּלעקלשריפט: אויפן וועג פון ווערטער־צייכנס צו אותיות

### פון שטעקלעך צו פּלעקלעך



א ליימען טאָוועלע מיט פּלעקלשריפט, אַלט בערך 3200 יאָר, אויסגעגראָבן אין ראַס־שאַמראַ, סיריע.
געמעל 34

די פּלעקלשריפט באַגעגענען מיר צום ערשטן ביי די סומערער, אַ פאָלק וואָס האָט פאַרנומען דעם שטח צווישן אייפראַטעס (פּרת) און טיגריס נאָך מיט העכער פיר טויזנט יאָר צוריק. אפשר האָט מען די שרייבסיסטעם גענוצט נאָך פריִער אויך, נאָר צו אונדז זיינען קיין סימנים דערפון ניט דערגאַנגען. פון די סומערער האָט זיך די פּלעקלשריפט צעשפּרייט איבער גאַנץ פאָדער־אַזיע — ביי די בבלים, די אשורים, די פּערסער אאַז"וו, אַזש ביז אַרמעניע און קליין־אַזיע. געהאַלטן האָט זי זיך אַ וואָסערע צוויי טויזנט יאָר, דערנאָך איז זי אַרויסגעשטופּט געוואָרן דורך אַנדערע שריפטן.

אין משך פון יענע צוויי טויזנט יאָר האָט זיך די פּלעקלשריפט אין איר אויסווייניקסטן אָנבליק שטאַרק געביטן, איבער הויפּט ביי איר אַריבערגיין פון איין פאָלק

צום צווייטן. אין איר תוך האָט זי אויך אַדורכגעמאַכט אַ היפּשן וועג פון אַנטוויקלונג. און ס׳איז מאָדנע: דער אויסזע פון דער פלעקלשריפט איז דאָך געווען און געבליבן גאָר אַן אַנדערער, און דער וועג פון איר אינעווייניקסטער אַנטוויקלונג איז שטאַרק געגליכן צום וועג פון די היעראָגליפן.

אין דער עלטסטער תקופה, אַזוי האַלט היינט דער רובֿ געלערנטע, איז די פלעקלשריפט אויך געווען אַן אידעאָגראַפישע: די צייכנס זיינען געווען בילדער — טאַקע בילדער פון די זאַכן וואָס זיי האָבן געדאַרפט איבערגעבן. הייסט עס: אַ בילדצייכן = אַ וואָרט. די צייכנס האָבן צו ביסלעך געביטן זייער אויסזע, ס׳איז שוין שווער געווען צו דערקענען, וואָס זיי מאָלן אויס, אָבער זייער טייטש איז אַלץ געבליבן דער זעלבער: אַ צייכן = אַ וואָרט.

אויף געמעל 35, אין דער שורה גאָר אויבן, זיינען געגעבן די תחילתדיקע בילדער־צייכנס פאַר די ווערטער שטאָט, הויז, פויגל, זון, פייער, שטערן. וואָס ווייטער אויף אַראָפּ זעט מען אין די סלופּיקלעך יינגערע פאָרמען פון די זעלבע ווערטער־צייכנס. ווען מען זאָל האָבן ניט מער ווי די צייכנס וואָס גאָר אונטן, וואָלט מען ניט געזאָגט בשום־אופן, אַז זיי דערמאָנען עפּעס אין זאַכן, מען וואָלט געמיינט, אַז ס׳זיינען ניט מער ווי אָפּגעמאַכטע צייכנס. אָבער קוקט זיך איין אין די מיטלסטע צייכנס אין יעטווידער סלופּיקל, וועט איר זען, ווי אַזוי עס איז געוואָרן דער איבערבייט.

שטאָט | הויז | פֿויגל | זון | פֿײַער | שטערן

געמעל 35

פֿאַר וואָס האָט זיך די שרײַבונג פֿון די צייכנס געביטן? מען טײַטשט דאָס אויס מיט דעם וואָס דער שרײַב־מאַטעריאַל איז געוואָרן אַן אַנדערער. די עלטסטע סומערישע געשריפֿטסן זײַנען אײַנשריפֿטן אויף שטיין; דאָ באַגעגנט מען נאָך היפּש געבויגענע ליניעס. שפּעטער האָט מען גענומען שניצן אין האָלץ אָדער אין ביין; דאָ איז שוין געווען האַנטיקער צו האַלטן זיך בײַ גלײַכע פּאַסיקלעך. נאָך שפּעטער האָט מען גענומען שרײַבן מיט אַ הילצערנעם שטיפֿטל אויף ווייכע ליימענע טאָוועלעך און זיי דערנאָך האַרטעווען אין פֿײַער. איצטער האָבן די שטעקלעך ווײַטער באַקומען אַ ביסל אַן אַנדער פּנים: היות מען האָט געהאַלטן דאָס שטיפֿטל אַ ביסל אָנגעבויגן צום טאָוועלע, האָט זיך דער פֿאָרנטיקער טייל שטיפֿטל אײַנגעגראָבן אַ קאָפּ

טיפער אין לײם, און דורך דעם קומט אויס דאָס פּאַסיקל אַ ביסל גרעבער בײַם סוף. אויף אַזאַ אופן איז פון דער פריִערדיקער שריפט — וואָס מיר וואָלטן זי געמעגט אָנרופן פּאַסיקלעך־שריפט אָדער שטעקלשריפט — געוואָרן די אמתע פ ל ע ק ל ש ר י פ ט.

## פלאָנטער אויף פלאָנטער

די סומערער האָבן געהאַט עטלעכע הונדערט צייכנס פאַר פשוטע ווערטער. טאָמער האָט מען געדאַרפט אַרויס־ברענגען מער אַ קאָמפּליצירטן באַגריף, האָט מען זיך אַן עצה געגעבן מיט אַ צונויפהעפט פון סימבאָלן: באַשאַפן האָט מען איבערגעגעבן דורך די צייכנס פון אַ פויגל און אַן איי; ב י י ז דורך אַ הונט און אַן אויג. דאָס איז געוויס זייער אײַנפּעליק, אָבער ס׳איז אַלץ ניט מער ווי האַלבע אַרבעט. מען האָט גענומען איבערגעבן מיט איין צייכן אַ גאַנץ בינטל שכנישע באַגריפן, אַ שטייגער מיטן ווערטער־צייכן זון נאָך אַזוינע ווערטער ווי ט אָ ג, ווערן ל י כ ט י ק, ל י כ ט, ל י כ ט י ק, ווײַ ס. נאָר דאָס איז נאָך אויך ווײַט פון אַ פולער תרופה: ס׳איז אויף אַזאַ אופן צוגעקומען אַ מיגלעכקייט אַרויסצוברענגען אַ געוויסע צאָל נײַע באַגריפן, אָבער דערפאַר איז דורך דער פילטײַטשיקייט פון די צייכנס גרעסער געוואָרן דער פלאָנטער.

האָבן נאָך די סומערער גופא געמאַכט אַ גרויסן טריט פון ווערטערשריפט צו ט ר אַ פ נ ש ר י פ ט. זיי האָבן געהאַט אַ וואָרט „אַן" וואָס איז תחילת געווען דער נאָמען פון זייער הימלגאָט; ס׳האָט אָבער אויך געקאָנט באַטײַטן סתם ג אָ ט

אָדער סתּם הימל (דער צייכן פֿאַר דעם וואָרט „אַן" איז געוויזן אויף געמעל 36א). האָבן די סומערער גענומען ניצן דעם צייכן פֿאַר הימל יעטווידער מאָל, ווען זיי האָבן געדאַרפֿט האָבן דעם טראַף „אַן", אַלץ איינס מיט וואָס פֿאַר אַ טײַטש. דער צייכן פֿאַר „מו"—נאָמען (געמעל 36ב) האָט גענומען דינען פֿאַרן טראַף „מו" מיט אַלע טײַטשן; און אַזוי ווײַטער.

בײַ דעם פּונקט האָט מען געהאַלטן, בשעת די בבֿלים האָבן אײַנגענומען די סומערער מלוכה און איבערגענומען די סומערער שריפֿט. דאָ האָט זיך פֿאַרלאָפֿן אַ זאַך, וואָס עפּעס ענלעכס צו איר האָבן מיר שוין געזען אין די באַציִונגען צווישן כינעזער און יאַפּאַנער. די בבֿלים האָבן גענומען דעם סומערישן צייכן פֿאַר פֿאָטער (געמעל 36ג), אָבער געלייענט האָבן זיי אים ניט „אַד", נאָר „אַבו"; דעם סומערישן צייכן פֿאַר נאָמען האָבן זיי איבערגעלאָזן, אַבער געלייענט האָבן זיי אים ניט „מו", נאָר „שומו".[1]

נאָר אויף וויפֿל די סומערער האָבן געהאַט אַ טבֿע צו לייענען אַ צייכן ווי אַ טראַף, האָבן די בבֿלים איבער־געלאָזן דעם אַלטן, סומערישן שטייגער לייענען. הייסט עס, דער צייכן נאָמען האָט זיך געלייענט בײַ די בבֿלים „שומו", אָבער חוץ דעם האָט ער אויך געקאָנט באַטײַטן, אויפֿן אַלטן שטייגער, דעם טראַף „מו".

---

[1] ס'איז ניט שווער צו דערקענען, אַז בבֿליש „אבו" איז געגליכן צום העברעיִשן „אָבֿ", בבֿליש „שומו" צו העברעיִש „שם". בבֿליש איז טאַקע אויך געווען, אַזוי ווי העברעיִש, אַ סעמיטישע שפּראַך. די סומערישע שפּראַך איז ניט קיין סעמיטישע, אָבער ניט קיין אינדאָאייראָפּעיִשע אויך.




געמעל 36

טאָמער איז דאָס אַלץ קאַרג, קען טייל מאָל טרעפֿן, אַז אַ צייכן זאָל באַטײַטן אי דאָס בבֿלישע וואָרט, אי דעם סומערישן טראַף, אי דעם בבֿלישן טראַף. דער צייכן „אַן" (געמעל 36א) האָט למשל בײַ די בבֿלים געקענט באַטײַטן: 1) דער הימלגאָט „אַנו", וואָס זיי האָבן אים איבערגענומען בײַ די סומערער; 2) דאָס וואָרט גאָט בכלל, וואָס הייסט אויף בבֿליש „אילו" (פֿאַרגלײַך מיט העברעיִש „אל"); 3) דאָס וואָרט הימל בכלל וואָס הייסט אויף בבֿליש „שאַמו" (פֿאַרגלײַך מיט העברעיִש „שמים"); 4) דעם טראַף „אַן" פֿון סומעריש; 5) דעם טראַף „איל" פֿון בבֿליש.

## קאָנסערוואַטיזם

מיר זעען דאָ ווײַטער דעם זעלביקן קאָנסערוואַטיוון גאַנג וואָס בײַ די מִצרים און בײַ די יאַפּאַנער: ווען מען איז צוגעקומען צו מער אַ האַנטיקן אופֿן שרײַבן, צו דער טראַפֿנשריפֿט, האָט מען ניט אָפּגעוואָרפֿן די אַלטע ווערטער־צייכנס, נאָר זיי גענוצט ווײַטער. אויף אַרויסצוקריכן ווי עס איז פֿון דעם פּלאָנטער האָט מען אין בבֿל אי אײַנגעפֿירט באַשטימערס (ווי די כינעזער און די מִצרים אין זייערע שרײַבסיסטעמען), אי מען האָט זיך געלאָזט מיטן וועג פֿון „אין צווייען איז שטאַרקער" און געגעבן דאָס זעלבע וואָרט פֿריִער מיטן ווערטער־צייכן, דערנאָך אין טראַפֿנשריפֿט.

פֿאַרשטייט מען שוין, סאַראַן אַפּקומעניש ס'איז געווען צו שרײַבן און צו לייענען די בבֿלישע פֿלעקלשריפֿט און ווי שווער עס איז אָנגעקומען די אייראָפּעיִשע געלערנטע אין 19טן יאָרהונדערט צו דעשיפֿרירן דאָס. היינט ווי גרויס איז דער חידוש, אַז דווקא די בבֿליש־אַשורישע שפּראַך, געשריבן אין פֿלעקלשריפֿט, איז אין צווייטן טויזנט יאָר פֿאַר קריסטוסן געווען די שפּראַך פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער דיפּלאָמאַטיע: אַ שטייגער פֿאַרשיידענע פֿירשטן פֿון בבֿל און אַשור, פֿון סיריע און פּאַלעסטינע, פֿון די חיתּים אין קליין־אַזיע, פֿונעם אינדזל קיפּראָס האָבן געשריבן זייערע בריוו קיין מיצרַים אין דער בבֿליש־אַשורישער פֿלעקלשריפֿט.

הונדערטער אַזוינע ליימענע טאָוועלעך, פֿון דעם מלוכה־אַרכיוו פֿון די פּרעהס, האָט מען געפֿונען אין 1887 בײַ די אויסגראָבונגען אין טעל־על־אַמאַרנאַ, דרום־מיצרַים. ווען נאָר די בבֿלים און אַשורים אַליין וואָלטן געשריבן צום אויסלענדישן הערשער אין זייער אייגענעם כּתבֿ, וואָלט עס נאָך געווען ווי עס איז. אָבער די סיריער און פּאַלעסטינער פֿירשטן איז דאָך שוין עפּעס אַנדערש; זיי זײַנען געווען האַלב אונטער דער ממשלה פֿון מיצרַים; איז אויב זיי האָבן געשריבן אַהין ניט אין מיִצרישע היעראָגליפֿן, נאָר אין בבֿליש־אַשוריש, איז דערפֿון געדרונגען, אַז אָט די שפּראַך האָט יעמאָלט (אַרום 1400 פּ"ק) געשפּילט אַן ערך די זעלבע ראָלע אין דער דיפּלאָמאַטיע ווי היינט פֿראַנצייזיש. אַ סוף איז געוואָרן צו דער דאָזיקער איבערוואָג פֿונעם פֿלעקלשריפֿט־לשון, בשעת אַרמיִשע[1] נאָמאַדן האָבן זיך גענומען אַרײַנרײַסן אַלץ אָפֿטער אין מעסאָפּאָטאַמיע. מיט דעם רײַסט זיך

[1] אָרויסצורײדן: „אַראַמיִשע".

אַרײַן אַהער די סעמיטישע אותיות־שריפֿט, וואָס וועגן איר וועט אונדז נאָך אויסקומען צו ריידן גאַנץ באַריכות.

נאָר אײדער וואָס ווען מוזן מיר דערמאָנען, אַז די פֿלעקלשריפֿט גופֿא האָט נאָך געהאַט געשטעלט גרויסע טריט פֿאָרויס, אָבער ניט בײַ זיך אין דער היים, נאָר מחוץ די גרענעצן פֿון מעסאָפּאָטאַמיע.

## אַלטפּערסישע פֿלעקלשריפֿט

איין מאָל בײַ די פּערסער: בײַ זיי איז אָנהייבנדיק פֿון דריוֹשן,[1] דאָס הייסט פֿון אַרום 500 פֿ״ק, געווען אין גאַנג אַ פֿלעקל־כּתבֿ וואָס האָט פֿאַרמאָגט אין גאַנצן 41 צייכנס און איז געווען האַלב טראַפֿנשריפֿט, האַלב אותיות־שריפֿט. די שרײַבסיסטעם האָט זיך געהאַלטן עטלעכע

*Da - a - ra - ya - wa - u - sa*

געמעל 37

הונדערט יאָר, דורך דער צײַט וואָס ס׳האָט געוועלטיקט די דינאַסטיע פֿון די אַכעמענידן. ווען די דינאַסטיע איז אַראָפּ (אין 330 פֿ״ק), האָט מען בהדרגה אויפֿגעהערט ניצן די פֿלעקלשריפֿט און ס׳זײַנען אַרײַן אין באַנוץ אָדער די גריכישע אותיות, אָדער אַ נײַער סאָרט שריפֿט,

---

[1] אזוי, ד ר י ו ש, הייסט בײַ אונדז אין תּנך דער פּערסישער קיניג פֿון דער דינאַסטיע אַכעמענידן; בײַ די גריכן האָט מען אים גערופֿן ד אַ ר י י אָ ס (מיטן אַקצענט אויפֿן מיטלסטן טראַף), בײַ די רוימער ד אַ ר י ו ס (אַקצענט אויפֿן ערשטן טראַף). דער העברעישער נוסח איז צום נאָענטסטן צו דער אַלטפּערסישער פֿאָרם.

דער אַזוי גערופֿענער פּ ע ה ל ע ו ו י, אויפֿגעבויט אויף אַ סעמיטישן באַזיס. אין פּעהלעווי האָט מען אַ שטייגער געשריבן מַלְכָּא און אַרויסגערעדט דאָס „שאַך". דערצו זײַנען צוגעקומען צייכנס אויף איבערצוגעבן די ריין פּערסישע ווערטער־אויסלאָזן. מיט איין וואָרט, אַ מאָדנער גאַנג, אָבער אַ גאַנג וואָס מיר קענען אים שוין פֿון אַנדערע פֿעלקער.

## פֿלעקלשריפֿט פֿון ראַס־שאַמראַ

גאָר אַ גרויסע אַנטפּלעקונג האָבן געבראַכט די אויסגראָבונגען וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן 1929 אין ראַס־שאַמראַ, צפֿון־סיריע. מען האָט זיך דאָרטן דערגראָבן צו די חורבֿות פֿון דער אַלט־פֿעניקישער שטאָט אוגרית (אוגאַריט). צווישן די פֿיל נײַסן וואָס די אַרכעאָלאָגן האָבן געפֿונען אין דער דאָזיקער פֿעניקישער שטאָט איז אויך פֿאַראַן אַ כּתבֿ וואָס האָט אַרײַנגעבראַכט אין חידוש אַלע פֿאָרשערס. און טאַקע אַזוי: דער אָנבליק פֿון די ראַס־שאַמרער צייכנס איז פֿלעקלשריפֿט, אָבער לויט זייער תּוך איז דאָס אַ ריינע א ו ת י ו ת ־ ש ר י פֿ ט. די געלערנטע זײַנען נאָך אַ ביסל מחולק איינער מיטן אַנדערן; אָבער 28 פֿון די 29 צייכנס האָט מען שוין דעשיפֿרירט אויף זיכער. מער ווי אַ העלפֿט צייכנס שטימען ביז אַ האָר מיט די אותיות פֿון אונדזער ייִדישן אַלף־בית; ווײַטער זײַנען אָבער אין דער ראַס־שאַמרער סיסטעם פֿאַראַן גאַנצע דרײַ אַלפֿן, צוויי חיתן, צוויי סמכן, צוויי צדיקן אאַז"וו.

אויב מיר געפֿינען צוויי פֿאַרשיידענע אותיות, וואָלט מען געקענט מיינען, אַז זיי באַצייכענען טאַקע צוויי

פֿאַרשיידענע קלאַנגען. אָבער די סעמיטישע שפּראַך פֿון אוגרית, ווייס מען, האָט ניט געהאַט קיין דרײַ אַלף־קלאַנגען און אַזוי ווײַטער. טאָ וואָס דען? איינער פֿון די בעסטע פֿאָרשערס, בויער, גייט אַרויס מיט דער השערה, אַז לכתחילה איז די ראָס־שאַמראַ־שריפֿט געוואָרן באַשאַפֿן פֿאַר אַ ניט־סעמיטישער שפּראַך, און ווען מען האָט דאָס גענומען ניצן פֿאַר סעמיטיש, האָט מען איבערגעלאָזן די אַלטע אותיות.[1] נאָר פֿון וואָסער שפּראַך האָט מען אין ראָס־שאַמראַ איבערגענומען די אותיות? דאָס בלײַבט דערווײַל אַ קשיא.

כּפֿי די אַרכעאָלאָגן זאָגן, זײַנען די ראָס־שאַמרער געפֿינסן ניט ייִנגער ווי דער XIII און ניט עלטער ווי דער XIV יאָרהונדערט פֿ״ק; מיט אַנדערע ווערטער: די פֿלעקלדיקע אותיות־שריפֿט איז דאָ געלעגן באַהאַלטן אַ וואָסערע דרײַ טויזנט מיט צוויי הונדערט יאָר. לאָמיר דאָס פֿאַרגעדענקען, ווײַל מיר וועלן זיך נאָך דאַרפֿן אומקערן דערצו. אָבער מיר וועלן דאָס ערשט קענען אָפּשאַצן מיט אַ קאַפּיטל שפּעטער, ווען מיר וועלן זיך באַקענען מיטן צווייטן פֿעניקישן אַלף־בית, וואָס פֿון אים זײַנען אַרויסגעוואַקסן אַלע שרײַבסיסטעמען פֿון אייראָפּע.

[1] אַזוינס טרעפֿן מיר אָפֿט אין דער געשיכטע פֿון אַלף־ביתן, בשעת מען נעמט זיי ניצן אין אַנדערע שפּראַכן. למשל אויב מיר וואָלטן ניט געשריבן די העברעיִזמען אין ייִדיש אויפֿן טראַדיציאָנעלן העברעיִשן שטייגער, איז צו וואָס וואָלטן מיר געדאַרפֿט האָבן אַ ח און אַ כ, אַ ט און אַ ת, אַ כּ און אַ ק, אַ ס און אַ שׂ? אין ענגליש און פֿראַנצייזיש ווערן אַרויסגערעדט אויף איין שטייגער i און y, c ווערט אַרויסגערעדט אַ מאָל ווי k און אַ מאָל ווי s; אין דײַטש קלינגט דער v אַ מאָל ווי f און אַ מאָל ווי w — און נאָך און נאָך. טאָ פֿאַר וואָס ניצן יענע שפּראַכן צוויי אותיות פֿאַר איין קלאַנג? איז דער תּירוץ: מען האָט דעם אַלף־בית בירושה פֿון לאַטײַן; האַלט מען זיך בײַ דער ירושה.

## אַ קוק אויף צוריק

אויף אַ רגע לאָמיר זיך אָפּשטעלן, אָפּרוען זיך און אַ קוק טון אויף צוריק.

מיר האָבן שוין געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט אַ סך פֿאַרשיידענע שרײַבסיסטעמען: בײַ די אינדיאַנער אין אַמעריקע, בײַ די נעגערס אין אַפֿריקע, בײַ די אַלטע מִצרים, בײַ די כינעזער און בײַ די פֿעלקער פֿון פֿאָדער־אַזיע. פֿעלקער, לענדער און צײַטן האָבן פֿאַרבײַגעשוועבט פֿאַרבײַ אונדזערע אויגן. אָבער ווען מען טראַכט זיך אַרײַן אַ ביסל טיפֿער אין די אַלע פֿאַקטן און מְשָלים, זעט מען, אַז די געשיכטע פֿון דער שרײַבקונסט איז ניט אַזאַ מיש־מאַש ווי עס קען זיך דוכטן אין פֿלוג. ס'איז פֿאַראַן אַ געוויסע געזעציקייט אין דער אַנטוויקלונג. אומעטום האָט מען אָנגעהויבן מיט בילדער, און פֿון די בילדער זײַנען שוין אַרויסגעוואַקסן ספּעציעלע שרײַבצייכנס.

לאָמיר זיך פּרוּוון נאָך אַ מאָל דערמאָנען די פֿאַר־שיידענע סטאַציעס פֿון דעם וועג וואָס די קונסט פֿון שרײַבן האָט דורכגעשפּרײַזט. (ווי באַלד שרײַבן, וועלן מיר וועגן די קניפּלעך און קאַרבונגען שוין מער ניט ריידן.)

דער פּשוטסטער שטייגער שרײַבן איז די געדאַנקען־שריפֿט. מען צייכנט אָן אַ בילד, און לויט דעם בילד קען דער צוזעער דערציילן אַ גאַנצן געדאַנק.

אַ מאָל קען אויך טרעפֿן, אַז די בילדער זײַנען פֿאַר דעם „לייענער" אַן אָנשפּאַר אויף צו דערמאָנען זיך ניט נאָר אַ באַשטימטן געדאַנק, נאָר טאַקע בפּועל־ממש אַ באַשטימטן טעקסט, וואָרט בײַ וואָרט. אַזוינס האָבן מיר אָנגערופֿן זאַצנשריפֿט.

נאָך ווײַטער גייט די וו ע ר ט ע ר ש ר י פֿ ט, ווי מיר האָבן זי געזען אין די עלטסטע היעראָגליפֿן און אין דער עלטסטער פּלעקלשריפֿט; אין כינע איז זי אַזוי אויפֿגעהיט ביז הײַנטיקן טאָג. דאָ איז דאָס שוין ניט אַזוי, אַז דער זיכרון שפּאַרט זיך אָן אויף געוויסע צייכנס, נאָר יעדער צייכן אין שרײַבן האָט דעם טײַטש פֿון אַ באַשטימטן וואָרט אין ריידן.

ווײַטער האָבן מיר געזען די ט ר אַ פֿ נ ש ר י פֿ ט, וואָס זי איז כמעט ווי דורכגעפֿירט אין די מיצרישע היעראָגליפֿן, בײַ די יאַפּאַנער, אין דער פּערסישער פּלעקלשריפֿט אאַז״וו.

פֿון דאַנען בלײַבט נאָר איין טריט נאָך צו דער שריפֿט, ווו יעדער ק ל אַ נ ג ווערט באַצייכנט מיט אַ באַזונדערן אות.

מיר האָבן געזען, אַז אָנהייבן דערפֿון זײַנען שוין געווען אין די מיצרישע היעראָגליפֿן און אַז די שריפֿט פֿון ראַס־שאַמראַ איז שוין געווען דערגאַנגען צו דער מדרגה. אָבער די היעראָגליפֿן, ווייסן מיר דאָך, זײַנען לאַנג געווען פֿאַרגעסן, און ראַס־שאַמראַ איז אויך געלעגן לאַנגע הונדערטער יאָרן פֿאַרשאָטן, אַזוי ווי אָפּגעמעקט. טאָ פֿון וואַנען וואַקסן די אותיות־שריפֿטן וואָס גילטן הײַנט אין גאַנץ אייראָפּע און אַמעריקע?

## VII. גאַנץ אייראָפּע און אַמעריקע זײַנען געגאַנגען אין חדר בײַ די סעמיטן

### „איינע פֿון די גרעסטע שאַפֿונגען פֿון מענטשישן גײַסט"

די קולטור־געשיכטע ברענגט אַרויס אַ מאָדנעם פֿאַקט: אייראָפּע און אַמעריקע, וואָס זיי האָבן אויפֿגעטאָן אַזוי פֿיל אין וויסנשאַפֿט, טעכניק און קונסט, זײַנען אין פּרט פֿון שריפֿט ניט קיין גרויסע אויפֿטוער. צווישן די גרויסע אייראָפּעיִש־אַמעריקאַנער פֿעלקער איז ניטאָ קיין איינס וואָס זאָל האָבן אַן „אייגענע" שריפֿט. די גרויסע פּאַטריאָטן פֿון די „נאָרדיקס", די גרויסע באַרימערס פֿון דער אייבערשטע־פֿון־שטייסלדיקער „אַרישער" ראַסע מעגן זיך לייגן אין דער לענג און אין דער ברייט, נאָר ס'איז אַ פֿאַקט, אַז די וויכטיקסטע אַלף־בית פֿון אונדזער צײַט שטאַמען דווקא פֿון די סעמיטן, פֿון סיריע און ארץ־ישׂראל.

ווי אַזוי? גאַנץ פּשוט. די אַלטע גריכן האָבן זיך אויסגעלערנט שרײַבן בײַ די סעמיטן. די רוימער ווידער האָבן זייער לאַטײַנישן אַלף־בית גענומען בײַ די גריכן, און מיט די לאַטײַנישע אותיות שרײַבט הײַנט האַלב אייראָפּע און גאַנץ אַמעריקע. די אַנדערע העלפֿט אייראָפּע און אַ טייל אַזיע שרײַבט רוסיש.[1] דער הײַנטיקער רוסישער אַלף־בית

---

[1] אין רוסיש רופֿט מען דעם אַלף־בית „אַזבוקאַ", ווײַל די אותיות וואָס הייסן הײַנט אַ און בע האָט מען אַ מאָל גערופֿן „אַז" און „בוקי"; און אַזוי האָט אויך יעטווידער אַנדער רוסישער אות געהאַט זײַן ספּעציעלן נאָמען.

וואַקסט פֿון די אַלטסלאַווישע אותיות, און די אַלטע סלאַוון האָבן גענומען זייער שרײַבסיסטעם בײַ די גריכן, דאָס הייסט ווידער אַ מאָל, דורך דער גריכישער פֿאַרמיטלונג, פֿון ארץ־ישׂראל.

מען מוז דעריבער זאָגן, אַז דער גרעסטער טייל פֿון דער הײַנטיקער קולטורוועלט האָט זיך געלערנט שרײַבן אין סעמיטישן חדר. ס'איז גאָרניט געווען קיין גוזמא, ווען דער גרויסער פֿראַנצייזישער געלערנטער ערנעסט רענאַן האָט געזאָגט, אַז דער סעמיטישער אַלף־בית איז איינע פֿון די גרעסטע שאַפֿונגען פֿון מענטשישן גײַסט.

## וואָסער סעמיטיש פֿאָלק?

אָבער בײַ די סעמיטישע פֿעלקער גופֿא זײַנען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע שרײַבסיסטעמען וואָס גייען זיך צווישן אַנאַנד אויך זייער שטאַרק פֿונאַנדער. איבער הויפּט איז גרויס דער חילוק פֿון די צפֿונדיקע סעמיטן ביז די דרומדיקע. טאָ צי קענען מיר ניט באַשטימען נעענטער, פֿון וואָסער סעמיטישן פֿאָלק עס וואַקסט די אייראָפּעיִשע שרײַבקונסט? יאָ, מיר קענען זאָגן באַשיידלעך:

עס גייט וועגן אַ צפֿון־סעמיטישן פֿאָלק, די פֿעניקער, די נאָענטסטע שכנים און קרובֿים פֿון די אַלטע ייִדן; זייערע וויכטיקסטע שטעט צידון, צור, גבֿל וועלן ניט איין מאָל דערמאָנט אין תּנך.[1] היפּש פֿעניקישע געשריפֿטסן האָט

[1] לויטן נאָמען פֿון דער שטאָט צידון וואָס איז געווען זייער ערשטע הויפּטשטאָט הייסן זיי אין תּנך טייל מאָל צידונים (אַ שטייגער אין דבֿרים קאַפּ' ג, פּסוק ט; יהושוע יג, ד; מלכים א' ה, כ).

מען געפֿונען אויפֿן גאַנצן געברעג פֿון מיטלענדישן ים, וווּהין די פֿעניקער פֿלעגן אָנשפּאַרן אויף זייערע ים־נסיעות, אויפֿשטעלנדיק אומעטום מיסחר־פּונקטן און אַפֿילו קאָלאָניעס.

פּונקט ווי פֿעניקיש, אַזוי איז אויך העברעיִש פֿון די צפֿון־סעמיטישע שפּראַכן. ווי באַלד אַזוי, וועט אונדז ניט זײַן קיין חידוש, וואָס ניט נאָר די פּרינציפּן פֿון שרײַבן, נאָר אַפֿילו די נעמען פֿון די פֿעניקישע אותיות זײַנען שטאַרק געגליכן צו די העברעיִשע.

## אמתע רונעס און אויסגעזויגענע פֿון פֿינגער

די אַלטע גריכן גופֿא האָבן שוין געוווּסט, וועמען זיי האָבן צו דאַנקען פֿאַר זייער שרײַבקונסט. ביי זיי איז אומגעגאַנגען אַ מסורה, אַז פֿון צור, דער הויפּטשטאָט פֿון פֿעניקיע, איז דער פֿעניקער קאַדמאָס געקומען אויפֿן גריכישן אינדזל טערע, וווּ ער האָט אויפֿגעשטעלט אַ קאָלאָניע, און געבראַכט מיט זיך 16 גרונט־אותיות. דער נאָמען קאַדמאָס איז ניט קיין ראיה, אַז אַזאַ מענטש האָט פֿאַקטיש עקסיסטירט; קאַדמאָס נעמט זיך פֿונעם וואָרט „קֶדֶם‟, וואָס דאָס באַטײַט מיזרח; דער לעגענדאַרישער נאָמען איז מערניט אַ גוטער עדות, אַז די גריכישע שריפֿט שטאַמט פֿון מיזרח. און דער בפֿירושער אָנווײַז, אַז דער שריפֿט־ברענגער איז געקומען פֿון צור, פֿעניקיע, איז דוכט זיך גענוג קלאָר.

אויך איז וויכטיק צו וויסן, אַז העראָדאָטאָס, דער גריכישער היסטאָריקער פֿון V יאָרהונדערט פּ״ק, רופֿט

אָן די עלטסטע גריכישע אותיות מיטן נאָמען „פֿעניקישע געשריפֿטסן״.

אָבער וואָס זאָלן טון די ראַסע־טעאָרעטיקער? זיי זאָלן נעמען און מודה זײַן, אַז ניט די „ריינע אַריער״ האָבן אויסגעפֿונען די שריפֿט? וועט דאָך אײַנפֿאַלן ווי אַ קאָרטנ־שטיבל זייער גאַנצע טעאָריע מישטיינס געזאָגט, אַז זיי זײַנען די שענסטע און די קליגסטע! דרייט מען זיך ווי אַ שלאַנג און מען זוכט תּירוצים.

אין 1933 האָט אַ דײַטשער פּראָפֿעסאָר נעקעל געוואָלט אויפֿווײַזן, אַז די גריכישע אותיות קומען ניט פֿון די סעמיטישע פֿעניקער, נאָר וואָס דען — זיי וואַקסן פֿון עפּעס „גריכישע רונעס״. וואָס מיינט דאָס? רונעס, דאַרף מען וויסן, רופֿט מען די עלטסטע שרײַבצייכנס בײַ די גערמאַנער. באַשאַפֿן געוואָרן זײַנען די רונעס מיסתּמא ניט פֿריִער ווי אין 3טן יאָרהונדערט נאָך קריסטוסן דורכן גערמאַנישן פֿאָלק פֿון די גאָטער, וואָס איז געזעסן צפֿון־זײַט פֿון שוואַרצן ים. און פֿון דאַנען האָבן זיך די רונעס פֿאַרשפּרייט דורך דײַטשלאַנד קיין סקאַנדינאַוויע (וווּ זיי האָבן זיך אויפֿגעהיט צום מערסטן) און קיין ענגלאַנד. דער עלטסטער גערמאַנישער רונעס־אַלף־בית שטעלט זיך צונויף פֿון 24 צייכנס, וואָס מיר זעען זיי אויף געמעל 38.

געמעל 38

ᚠ ᚢ ᚦ ᚨ ᚱ ᚲ ᚷ ᚹ ᚺ ᚾ ᛁ ᛃ ᛇ ᛈ ᛉ ᛊ ᛏ ᛒ ᛖ ᛗ ᛚ ᛜ ᛟ ᛞ
f u þ a r k g w h n i j é p z(R) s t b e m l ng o d

בײַ קײנעם פֿון די ערנצטע געלערנטע איז קײן ברעקל ספֿק ניטאָ, אַז די גערמאַנישע רונעס זײַנען איבערגעמאַכט אָדער פֿון די גריכישע אותיות דירעקט, אָדער פֿון די לאַטײַנישע אותיות וואָס קומען אַרויס פֿון די גריכישע. טאָ וואָס קען מײנען דער אויסדרוק „גריכישע רונעס״? עס איז זײער שײַן צו הערן, אָבער ס׳איז ניט מער ווי גערעדט, ווײַל ביז איצטער האָט מען פֿון קײן גריכישע רונעס אין ערגעץ ניט געפֿונען אַפֿילו דעם מינדסטן סימן. די גאַנצע פּוסטע פֿאַנטאַזיע וועגן גריכישע רונעס וואַקסט מערניט פֿון קלעמעניש, וואָס די גאַנצע וועלט, און די שטאָלצע „אַריער״ בתוכם, האָבן זיך אויסגעלערנט שרײַבן בײַ די סעמיטן.

## פֿאַרגלײַך צווישן די פֿעניקישע און די גריכישע אותיות

די אמתע וויסנשאַפֿט (אַפֿילו בײַ די דײַטשן גופֿא, אויף וויפֿל זײ דינען ניט דער עבֿודה־זרה פֿון ראַסיזם) וויל דעריבער גאָרניט הערן פֿון אַזוינע כּלומרשט וויסנשאַפֿטלעכע בויך־סבֿרות. די אמתע וויסנשאַפֿט איז זיכער, אַז די גריכן האָבן גענומען זײער אַלפֿאַבעט פֿון די פֿעניקער. מען איז זיך דערבײַ סומך ניט נאָר אויף דער לעגענדע וועגן קאַדמאָסן און אויף העראָדאָטאָסעס רײד. פֿאַראַן נאָך עטלעכע אַנדערע ראַיות, וואָס איטלעכע פֿאַר זיך איז גענוג וואָגיק.

1. ווען מען גיט אַ קוק אויף די עלטסטע גריכישע אותיות (זע געמעל 39), זעט מען, אַז אין זײער פֿאָרם זײַנען זײ געגליכן צו די פֿעניקישע אותיות. לאָמיר נעמען די צײכנס פֿאַר א, ב, ג, ד, ת, כ, ר אויף געמעל 39.

| אות | פֿעניקיש | אַלט-גריכיש | קלאַסיש-גריכיש |
|---|---|---|---|
| א | 𐤀 | A | A |
| ב | 𐤁 | B | B |
| ג | 𐤂 | Γ | Γ |
| ד | 𐤃 | Δ | Δ |
| ת | 𐤕 | T | T |
| כ | 𐤊 | K | K |
| ר | 𐤓 | P | P |

געמעל 39

אין צווייטן קעסטל פֿון רעכטס האָבן מיר דעם פֿעניקישן צייכן, אין דריטן דעם עלטסטן גריכישן, אין פֿערטן קעסטל דעם גריכישן אות, ווי ער האָט זיך איינגעשטעלט אין דער שפּעטערדיקער צײַט.

2. די נעמען פֿון די גריכישע אותיות האָבן אין גריכיש גופֿא קיין שום טעם ניט; אָבער זיי לאָזן זיך צום גרעסטן טייל פֿאַרשטיין דורך די סעמיטישע נעמען; אַלפֿאַ שטאַמט פֿון „אלף", בעטאַ פֿון „בית", גאַמאַ פֿון „גימל", דעלטאַ פֿון „דלת", טעטאַ פֿון „טית", יאָטאַ פֿון „יוד", לאַמבדאַ פֿון „למד" און אַזוי ווײַטער. אַזאַ מין צוזאַמענטרעף פֿון נעמען קען ניט זײַן סתּם אַ צופֿאַלזאַך.[1]

---

[1] אַן אַנדער פֿראַגע איז, פֿון וואַנען עס קומען די סעמיטישע נעמען פֿון די אותיות. דאָס רובֿ טײַטשט מען אַזוי, אַז די אותיות האָט מען אָנגערופֿן מיט די נעמען פֿון געוויסע אָביעקטן: אלף אַן אָקס (אֶלֶף אין העברעיִש), בית אַ הויז (בַּיִת), גימל אַ קעמל (גָּמָל), דלת אַ טיר (דֶּלֶת), און אַזוי ווײַטער. אָבער אַנדערע געלערנטע, און גראָד גאָר חשובֿע, לייקענען דאָס אָפּ.

וועגן דעם וועט נאָך שפּעטער קומען צו רייד.

3. דער סדר פֿון די אותיות איז אין גריכיש כּמעט דער זעלבער וואָס אין פֿעניקיש (אין העברעיִש איז אויך דאָס אייגענע — די פֿאַרשיידענע צפֿון־סעמיטישע שפּראַכן זײַנען געווען צווישן זיך זייער נאָענט).

| דער צאָלווערט פֿון די ייִדישע אותיות | |
|---|---|
| א — 1 | ל — 30 |
| ב — 2 | מ — 40 |
| ג — 3 | נ — 50 |
| ד — 4 | ס — 60 |
| ה — 5 | ע — 70 |
| ו — 6 | פּ — 80 |
| ז — 7 | צ — 90 |
| ח — 8 | ק — 100 |
| ט — 9 | ר — 200 |
| י — 10 | ש — 300 |
| כּ — 20 | ת — 400 |

4. אין פֿעניקיש איז געווען אָנגענומען צו ניצן די אותיות ווי ציפֿער. ס'איז אַזוי ווי אין לשון־קודש, און אַ סך דערפֿון האָבן מיר נאָך הײַנט אין ייִדיש אויך: ד' אַמות—פֿיר איילן; אַ כּף־הייער (כּ"ה) — אַ פֿינפֿאון־צוואַנציקער; קוף (ק) קערב־לעך—הונדערט קערבלעך; קן גילדן—הונדערט פֿופֿציק גילדן; תּריג מיצוות—זעקס הונדערט דרײַצן מיצוות. נו, לאָזט זיך אויס, אַז אין גריכיש איז אויך אַזוי, און נאָך מער — כּמעט ווי די זעלבע קאָמבינאַציעס גייען אָן אין גריכיש און סעמיטיש. יא, יב, יג, יד זײַנען אין גריכיש אויך 11, 12, 13, 14 (ια', ιβ', ιγ', ιδ'); כּ (ϰ') איז אין גריכיש אויך 20, ל (λ')—30, מ (μ')—40, נ (ν')—50, פּ (π')—80. צי קען אַזוינס זײַן סתּם אַזוי זיך אַ צוזאַמענטרעף?

5. אַ גרויסע קשיא קען זײַן: אויב די גריכן האָבן יאָ גענומען זייער שריפֿט פֿון די סעמיטן, פֿאַר וואָס זשע שרײַבן זיי פֿון לינקס אויף רעכטס און ניט (ווי מיר נאָך הײַנטיקן טאָג אויף העברעיִש און ייִדיש) פֿון רעכטס אויף לינקס?

איז דער תירוץ: די געלערנטע האָבן אויסגעפֿונען, אַז די עלטסטע גריכישע שריפֿט גייט גאָר ניט דווקא פֿון לינקס אויף רעכטס, נאָר אָפֿט מאָל פֿון רעכטס אויף לינקס, אָדער געמישט: איין שורה פֿון רעכטס אויף לינקס, די צווייטע פֿון לינקס אויף רעכטס, די דריטע ווידער פֿון רעכטס אויף לינקס, און אַזוי ווײַטער.

אַזאַ מין אויסדרייען זיך אַהין און צוריק האָט זיך בײַ די גריכן גערופֿן בוסטראָפֿעדאָן, דאָס איז טײַטש: אָקסן־אויסקער — אַן אויסקערן זיך אַזוי ווי דער אָקס בײַם אַקערן.

אָט ווי ס'וואָלט אויסגעזען אונדזער שטיקל „מאָניש" געשריבן בוסטראָפֿעדאָן:

ס'איז געווען אַ מאָל אַן עילוי,
,ולּיפּאַ טלעוו יד טנעקעג טינ
ניט געווען אין קלאַס;
עמאָמ יד טורפּ ,עטאָט רעד טורפּ — און אַזוי ווײַטער.

באַשטימען, אין וואָסער צײַט די גריכן האָבן זיך בײַ די פֿעניקער אויסגעלערנט שרײַבן, איז ניט פֿון די גרינגע זאַכן; פֿאַראַן געלערנטע וואָס האַלטן, אַז דאָס האָט געמוזט געשען אַרום 11טן י"ה פּ"ק; און יש אומרים, אַז ניט פֿריִער ווי אין 9טן יאָרהונדערט. אויב מען איז ניט אַזוי שטאַרק מקפּיד, מעג מען זאָגן: מיט אַן ערך דרײַ טויזנט יאָר צוריק — אַ ביסל אַרויף אָדער אַ ביסל אַראָפּ.

ΒΑΣΙΛΕΟΣΕΛΘΟΝΤΟΣΕΣΕΛΕΦΑΝΤΙΝΑΝ·

**אַ שורה פֿון אַ גריכישן טעקסט פֿון VII י"ה פּ"ק.**

**געמעל 40**

## די גריכן האָבן זיך דערטראַכט צו וואָקאַלן

די גריכן האָבן אָבער ניט מעכאַניש איבערגענומען דעם פּעניקישן אַלף־בית. זיי האָבן אויפגעטאָן גאָר אַ געהויבן נײַס — זיי האָבן זיך ניט באַנוגנט מיט די צייכנס פאַר קאָנסאָנאַנטן, נאָר זיי האָבן אײַנגעפירט באַזונדערע אותיות פאַר די וואָקאַלן אויך.

זייער אָפּט קומט אויס צו הערן, אַז די סעמיטן — די פּעניקער, די ייִדן—האָבן ניט געדאַרפט קיין וואָקאַלן־צייכנס, וואָרעם אין די סעמיטישע שפּראַכן זײַנען כּלומרשט דער עיקר די קאָנסאָנאַנטן און די וואָקאַלן שפּילן ניט אַזאַ ראָלע. דאָס איז אַן אײַנגערעדטע זאַך. פאַר וואָס די סעמיטן האָבן זיך געשאַפן אַ קאָנסאָנאַנטן־שריפט, דאָס איז אַן אַנדער זאַך, וועגן דעם וועלן מיר נאָך ריידן אין דעם ווײַטערדיקן קאַפּיטל. אַז מען האַלט זיך בײַ דעם גאַנג פון טראַדיציע וועגן, דאָס קען מען אויך פאַרשטיין; אָבער אַז אויסלייגן מערניט די קאָנסאָנאַנטן איז קיין מעלה ניט, דאָס איז דאָך קלאָר. גיט אַ קוק אויפן וואָרט

### ח פ ץ

וואָס איך האָב דאָ אָנגעשריבן. ווי אַזוי לייענט זיך דאָס? מען קען ניט זאָגן אויף געוויס, אויב דאָס וואָרט שטייט אַליין פאַר זיך. עס קען מיינען: חָפֵץ, דאָס הייסט: „ער האָט פאַרלאַנגט"; חָפֵּץ מיינט: „פאַרלאַנגען"; חָפֵץ: „דער וואָס פאַרלאַנגט"; חֵפֶץ איז דער טײַטש: „פאַרלאַנג", „טײַערע זאַך". אויב עס שטייט

### ב א ר

קען דאָס מיינען: בָּאֵר — געבן צו פאַרשטיין, בֵּאֵר — ער

האָט געגעבן צו פֿאַרשטיין, באַר—ברונעם. נעמט נאָך אַ וואָרט

**ב ג ד**

אויב איר לייענט דאָס בֶגֶד, מיינט עס „אָנטון״, און טאָמער לייענט איר דאָס בָגַד, איז דאָס גאָר „בוגד זײַן, פֿאַר־ראָטן״. און אַזוי כּסדר. געוויינטלעך, מען גיט זיך אַן עצה; אַז מען לייגט צו אַ ביסל קאָפּ און מען לייענט איבער דעם גאַנצן זאַץ, שטויסט מען זיך אָן. אָבער מען זאָל זאָגן, אַז ס'איז גוט אַזוי, אַז דאָס שטימט מיטן כאַראַקטער פֿון אַ סעמיטישער שפּראַך—דאָס הייסט געמאַכט, ווי מענדעלע רופֿט דאָס, „פֿון דער צרה אַ מאָדע״. טאַקע דערפֿאַר, ווײַל ס'איז שווער אָן וואָקאַלן, האָט מען דאָך געמוזט צוקלערן אַ סובסטיטוט[1] פֿאַר וואָקאַלן — די נקודות. אַ סימן האָבן מיר אַז עס זײַנען פֿאַראַן אַ סך ייִדן (איבער הויפּט פֿון דעם עלטערן דור, ווען מען האָט ניט געלערנט סיסטעמאַטיש לשון־קודש ווי אַ שפּראַך) וואָס קענען נישקשהדיק פֿאַר־שטיין אַ העברעיִשן טעקסט אָן נקודות, נאָר פּרוּווט הייסט זיי איבערלייענען אויף אַ קול, וועלן זיי לייענען גרײַזיק. און ווען עס גייט וועגן ווערטער, ווו מען קען זיך ניט אָנשטויסן, אַ שטייגער וועגן פּרט־נעמען, קען שוין קיין לומדות אויך ניט העלפֿן. אָט ווערט אין גמרא דערמאָנט רב טרפֿון. אַלע גמרא־לערנערס ריידן אַרויס דעם נאָמען „טאַרפֿן״, כאָטש אין דער אמתן, ווי מען ווייס שוין הײַנט, דאַרף גאָר זײַן „טריפֿאָן״; דאָס האָט מען זיך אַזוי אײַנגעחזרט מיט אַ גרײַזיקן פּתח אין יענע צײַטן, בשעת מען האָט שוין ניט געדענקט מער די אויסשפּראַך.

---

[1] סובסטיטוט מיינט: אַ פֿאַרבײַט, אַ בִמקום.

וואָס איז דאָ די גרויסע מעלה פֿון שרײַבן אָן וואָקאַלן? אַלץ וואָס מען קען זאָגן איז, אַז אין די סעמיטישע שפּראַכן איז ניט אַזאַ אומגליק, אויב קיין וואָקאַלן־צייכנס זײַנען ניטאָ, וואָרעם דער שורש פֿון אַ וואָרט זעט זיך דאָ אַרויס בולטער איידער אין די אייראָפּעיִשע שפּראַכן.

## דער גריכישער אַלפֿאַבעט

קורץ פֿון דער זאַך, די גריכן האָבן זיך ניט געוואָלט באַנוגענען נאָר מיט אויסלייגן די קאָנסאָנאַנטן אַליין. נאָר וווּ נעמט מען אותיות פֿאַר די וואָקאַלן־קלאַנגען? סעמיטיש גופֿא האָט זיי אויסגעהאָלפֿן. מיר ווען דאָס פֿאַרשטיין, אויב מיר וועלן זיך אײַנקוקן אין העברעיִש. וואָו אַ שטייגער איז בדרך־כּלל אַ קאָנסאָנאַנט (נעמט למשל אַזוינע ווערטער ווי חַוָּה, קַו); אָבער אין אַזוינע ווערטער ווי בּוּר (אַ פֿאַר־גרעבטער מענטש), גוּף האָט דער וואָו די פֿונקציע פֿון אַ וואָקאַל. דאָס אייגענע קען מען קוקן אויף יוד ווי אויף אַ וואָקאַל אין די ווערטער לִי (מיר), מִי (ווער), שִׁיר (ליד).

אָט דאָ האָט זיך געפֿונען דאָס גאַנגוועגעלע פֿאַר די גריכן. **א, ה, ע** זײַנען געוואָרן בײַ זיי די סימנים פֿאַר A, E און O; **י** און **ו** האָט מען גענומען פֿאַר I און Y (יעמאָלט האָט מען נאָך דעם Y אין גריכיש אַרויסגערעדט ווי u). עטלעכע אותיות האָט מען נאָך שפּעטער צוגעגעבן אייגענע. אויף אַזאַ אופֿן איז פֿון דער סעמיטישער קאָנסאָנאַנטן־שריפֿט געוואָרן די גריכישע קלאַנגען־שריפֿט, וואָס בײַ הײַנטיקן טאָג זעט זי אויס אַזוי:

## דער גריכישער אַלף־בית

אין גריכיש גילטן די איינענע אותיות סײַ געדרוקט סײַ געשריבן

| די אותיות, גרויסע און קליינע | נאָמען | אויספּראַך | די אותיות, גרויסע און קליינע | נאָמען | אויספּראַך |
|---|---|---|---|---|---|
| Α α | אַלפאַ | אַ (קורץ אָדער לאַנג) | Ν ν | ני | נ |
| Β β | בעטאַ | ב | Ξ ξ | קסי | קס |
| Γ γ | גאַמאַ | ג | Ο ο | אָמיקראָן | o (בלויז קורץ) |
| Δ δ | דעלטאַ | ד | Π π | פּי | פּ |
| Ε ε | עפּסילאָן | ע (בלויז קורץ) | Ρ ρ | ראָ | ר |
| Ζ ζ | דזעטאַ | דז | Σ σ ς | סיגמאַ | ס |
| Η η | עטאַ | ע (בלויז לאַנג) | Τ τ | טאַו | ט |
| Θ ϑ | טעטאַ | טה | Υ υ | איפּסילאָן | ü (קורץ אָדער לאַנג) |
| Ι ι | איאָטאַ | י (קורץ אָדער לאַנג) | Φ φ | פֿי | פֿ |
| Κ κ | קאַפּאַ | ק | Χ χ | כי | כ |
| Λ λ | לאַמבדאַ | ל | Ψ ψ | פּסי | פּס |
| Μ μ | מי | מ | Ω ω | אָמעגאַ | o (בלויז לאַנג) |

### די רוימישע (לאַטײַנישע) אותיות

אַ סך פֿעלקער בײַם מיטלענדישן ים האָבן זיך געלערנט שרײַבן בײַ די גריכן — סײַ אין אייראָפּע, סײַ אין פֿאָדער־אַזיע, סײַ אין צפֿון־אַפֿריקע. וועגן דער קאָפּטישער שרײַבסיסטעם און וועגן די גערמאַנישע רונעס איז אונדז שוין אויסגעקומען צו ריידן. פֿון די גריכישע אותיות זײַנען

Որում պարգեւէր իսկ վիճակ յամենաճոխութենէն
Աստուծոյ, նշանագիրս հայերէն լեզուին։

אַרמעניש

גמעל 41

אויף אַרויסגעוואַקסן די אַלף־ביתן פֿון די אַרמענער (געמעל 41) און גרוזינער (געמעל 42) אויף קאַווקאַז.

რამეთუ ესრეთ შეიყუარა ღმერთმან სოფელი ესე, ვითარმედ ძეცა თჳსი მხოლოდშობილი მოსცა

גרוזיניש

געמעל 42

אין איטאַליע זײַנען אויפֿגעקומען בײַ די דאָרטיקע שבֿטים און פֿעלקער צום ווייניקסטן פֿינף פֿאַרשיידענע סיסטעמען שריפֿט אויף אַ גריכישן באַזיס. אָבער די אַלע סיסטעמען זײַנען אונטערגעגאַנגען, און איבערגעבליבן איז בלויז דער לאַטײַנישער אַלפֿאַבעט. פּונקט אַזוי ווי די רוימער (לויט דער שפּראַך וואָס זיי האָבן גערעדט מעג מען זיי אָנרופֿן לאַטײַנער) האָבן אײַנגעשלונגען אַלע שכנישע פֿעלקער און אויפֿגעבויט אַ וועלט־אימפּעריע, אַזוי האָט אויך די לאַטײַנישע שריפֿט אײַנגענומען גאַנץ מערבֿ־ און דרום־אייראָפּע, און שפּעטער גאַנץ אַמעריקע אויך. דערבײַ איז די לאַטײַנישע שריפֿט געבליבן כּמעט ווי ניט געביטן פֿאַר העכער צוויי טויזנט יאָר, אַזוי אַז מען קען נאָך הײַנט כּמעט אָן צוגרייטונג לייענען אַ לאַטײַניש געשריפֿטס פֿון 200 יאָר פֿאַר קריסטוסן. אַ מוסטער פֿון אַזעלכע אותיות גיט געמעל 43.

CORNELIO·L·F·SCIPIO

געמעל 43

די לאַטײַנישע אותיות, ווי מיר זעען זיי דאָ, רופֿן זיך קאַפּיטאַלע שריפֿט, וואָס דאָס מיינט: גרויסהאַנטיקע.

דורך די יאָרהונדערטער האָבן זיך די לאַטײַנישע אותיות אַלץ מער געביטן. זיי האָבן זיך פֿאַרשפּרייט אין אַ סך לענדער, און אין יעדער לאַנד האָט מען „געצוקט“ די אותיות אַ ביסל אַנדערש. די קאַפּיטאַלע אותיות האָט מען געניצט כסדר ווײַטער — און אַזוי עד־היום — אויף אויסצוטיילן קעפּלעך, אָדער אַזוי וויכטיקע ווערטער. אָבער פֿון דער קאַפּיטאַלער שריפֿט איז נאָך אויסגעוואַקסן אַ צווייטע; מען האָט זי גערופֿן „קורסיוו“, וואָס דאָס מיינט „לויפֿיקע“ שריפֿט, געשריבן אויף גיך. ווען מען אײַלט זיך, אָדער ווען מען שרײַבט ניט קיין שטאַרק חשובֿע זאַך, איז מען ניט אַזוי שטאַרק מקפּיד, קומען אַרויס די אותיות אין שרײַבן ניט אַזוי יום־טובֿדיק, ניט אַזוי אָפּגעטאָקט; אַזוי וואַקסט אַרויס בײַ אַ סך פֿעלקער אַ באַזונדערע שרײַבשריפֿט. שפּעטער וועלן מיר זען, אַז אונדזערע הײַנטיקע ייִדישע שרײַב־אותיות זײַנען אויך אַרויסגעוואַקסן מעשׂה קורסיוו פֿונעם געכתיבֿהטן אַלף־בית.

אין 9טן יאָרהונדערט האָט זיך בײַם הויף פֿון קאַרל דעם גרויסנס יורשים באַוויזן אַ נײַער גאַנג אין שרײַבן. מען רופֿט די נײַע אותיות מיטן נאָמען מינוסקל.[1] קוקט זיך אײַן אין דער דוגמא פֿון דער שריפֿט אויף געמעל 44,

---

[1] מינוסקל מיינט: קליינהאַנטיקע. די גרויסהאַנטיקע אותיות האָט מען אַרום יענער צײַט גענומען רופֿן מאַיוסקל. קומען קומען די נעמען פֿון די לאַטײַנישע ווערטער maius — גרעסער, minus — קלענער. קאַפּיטאַלע שריפֿט נעמט זיך פֿון לאַטײַניש caput — קאָפּ. די קאַפּיטאַלע אותיות פֿלעגט מען אָפֿט ניצן אויף צו געבן די קאָפּן־שורה בײַם אָנהייב פֿון אַ קאַפּיטל; דאָס וואָרט קאַפּיטל (capitulum) מיינט אויף לאַטײַן בעצם ניט קיין אַנדער זאַך ווי אונדזער וואָרט קעפּל.

res eo tempore · aut p uicos &
p plateas cantores & choros du
ceres· aut supra tectũ domus tuę

פֿון אַ לאַטײַנישן כּתבֿ־יד פֿון 11טן י״ה
געמעל 44

וועט איר זען, אַז דאָס דערמאָנט טאַקע אין די הײַנטיקע קליינהאַנטיקע לאַטײַנישע אותיות.

צום סוף מיטל־עלטער האָבן די אותיות גענומען ווערן אַלץ שפּיציקער און קאַנטיקער, מען האָט אָנגעהויבן צוגעבן „פֿון שיינקייט וועגן" קעפּלעך און פֿיסלעך. אָט די געצוקטע שריפֿט האָט באַקומען דעם נאָמען „מאָנאַכן־שריפֿט", וואָרעם אין די מאָנאַסטירן טאַקע איז זי אויפֿגעקומען. אַנדערש האָט מען זי נאָך גערופֿן „געגראַטעטע שריפֿט"; די אותיות גיסן זיך אויף אַזוי ווי גראַטעס. אַ דריטער נאָמען—און דער נאָמען איז געבליבן ביז הײַנטיקן טאָג — איז: גאָטישע שריפֿט. דאָס האָט ניט קיין שײַכות צום וואָרט „גאָט"; אויך דאַרף מען זיך ניט נאַרן, אַז דער סאָרט אותיות איז געוועזן אָנגענומען בײַם גערמאַנישן פֿאָלק גאָטער, וואָס מיר האָבן זיי דערמאָנט ריידנדיק וועגן די רונעס. אָבער איר האָט אַוודאי געהערט, אַז מיטן נאָמען גאָטיק, גאָטישער סטיל רופֿט מען אָן אַ געוויסן גאַנג אין בויען, וואָס אָנגעהויבן האָט ער זיך אין 12טן י״ה אין פֿראַנקרײַך און פֿון דאָרטן זיך פֿאַרשפּרייט איבערן גרעסטן טייל אייראָפּע. איר האָט געוויס געזען, אויף אַ בילד אָדער ממש, איינעם פֿון יענע קלויסטערס, וואָס עס ווײַזט אויס,

אַז זיי ציִען זיך צום הימל. ענדיקן ענדיקן זיי זיך אויבן קיין מאָל ניט קײַלעכדיק, נאָר תּמיד פֿאַרשפּיצט; די פֿענצטער גייען פֿריִער גלײַך, העכער צו ווערן זיי אויס־געפּוקלט, און גאָר אויבן גייען זיי זיך צונויף אין אַ שפּיץ. אויף אַזאַ גאָטישן בנין איז אויך פֿאַראַן אַ סך געגראַ־טעטער באַפּוץ. נו, האָט די שריפֿט פֿון סוף מיטל־עלטער אויך באַקומען דעם נאָמען גאָטישע.

אָט די שריפֿט איז עס געווען אין גאַנג, בשעת גוטענבערג האָט אין 15טן י"ה אויסגעפֿונען די קונסט צו דרוקן מיט מעטאַלענע אותיות. די מײַסטערס וואָס האָבן געגאָסן די דרוקשריפֿט („שריפֿטגיסערס" רופֿט מען זיי) האָבן טאַקע נאָכגעמאַכט דעם שניט פֿון די געשריבענע אותיות פֿון זייער צײַט. גיט אַ קוק אויף געמעל 45, וועט איר האָבן פֿאַר די אויגן דעם שטייגער לאַטײַנישע אותיות פֿון ערשטן יאָרהונדערט דרוקן.

סוף מיטל־עלטער האָבן אַלע פֿעלקער פֿון אייראָפּע, אויף וויפֿל זיי האָבן גענוצט דעם לאַטײַנישן אַלף־בית געשריבן מיט גאָטישע אותיות. גיט אַקאָרשט אַ קוק אויפֿן געמעל 46. דאָרטן וועט איר זען אַ זײַטל פֿון אַ פּוילישן כתבֿ־יד, פֿון דעם באַרימטן „פֿלאָריאַנוס־תּהילים" (אויף פּויליש: Psałterz Florjański), געשריבן, ווי די געלערנטע זײַנען משער, סוף 14טן יאָרהונדערט.[1] איטלעכער פּסוק

---

[1] דער כתבֿ־יד האָט זיך ביז ניט לאַנג געפֿונען אין פֿלאָריאַנוס־מאָנאַסטיר אין לינץ, עסטרײַך, און דערפֿון האָט ער באַקומען זײַן נאָמען. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט די פּוילישע רעגירונג אָפּגעקויפֿט דעם כתבֿ־יד און אַראָפּגעבראַכט אים קיין פּוילן; איצט געפֿינט ער זיך אין דער „נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק" (Biblioteka Narodowa) אין וואַרשע. דער פֿלאָריאַנוס־תּהילים איז איינער פֿון די וויכטיקסטע מקורים צו דער געשיכטע פֿון דער פּוילישער שפּראַך.

שטייט דאָ פֿריִער אין לאַטיין, דערנאָך אין פּויליש
און צום סוף אין דײַטש; די אותיות זײַנען די זעלבע.

גמעל 45

**Die juden bruchen in den landẽ uber mehr die Arabisch sprach zu andern mẽschen. aber vnder ynen die hebreysch deren alphabeth hienach volget wol correct oder gestrafft.**

| | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| Jods | Theth | Heth | Zaen | Vau | He | Deleth | Gymel | Beth | Aleph |
| י | ט | ח | ז | ו | ה | ד | ג | ב | א |
| Pe | Ayn | Samech | Nun | Nun | Me n | Mem | Lamed | Caff | Caff |
| פ | ע | ס | ן | נ | ם | מ | ל | ך | כ |
| | | | taff· | Schyn | Ress | Kuff | Zodik | Zodik | Ffe |
| | | ו | ת | ש | ר | ק | ץ | צ | ף |

דאָס איז אַרויסגענומען פֿון אַ בוך פֿון איינעם Bernhardus de Breydenbach, אַ גלח פֿון מײַנץ, דײַטשלאַנד, וואָס האָט אין די יאָרן 1483 — 1484 געמאַכט אַ נסיעה קיין ארץ־ישׂראל און דערנאָך באַשריבן זײַנע אײַנדרוקן. מיר האָבן דאָ אַ דוגמא פֿון די „גאָטישע" אותיות פֿון סוף 15טן י"ה (דאָס בוך איז געדרוקט אַרום 1495). אָבער פֿאַר אונדז איז אינטערעסאַנט אויך דער העברעיִשער אלף־בית וואָס ברײַדענבאַך גיט; מיר זעען דאָ די זעלביקע פֿאַרשפּיצטקייט און געצוקטקייט. די שורות אויבן לייענען זיך: „ייִדן ניצן אין די לענדער אויף יענער זײַט ים די אַראַבישע שפּראַך, [ווען זיי ריידן] צו אַנדערע מענטשן, נאָר צווישן זיך די העברעיִשע, וואָס איר אלף־בית קומט דאָ..."

די ראָמאַנישע פֿעלקער האָבן אָבער שפּעטער אַוועקגעוואָרפֿן דעם געצוקטן שטייגער שרײַבן און זיך געשאַפֿן אַ שניט אותיות וואָס זײַנען אַ סך פּשוטער, אַ סך מער געגליכן צו דער אַלטרוימישער שריפֿט; דאָס אייגענע די סקאַנדינאַווער און יענע סלאַווישע פֿעלקער וואָס ניצן דעם לאַטײַנישן אַלפֿאַבעט. גיט אַ קוק אויף אַבי וואָסער ענגלישן אָדער פֿראַנצייזישן אָדער פּוילישן בוך, וועט איר האָבן דעם סימן. בײַ די דײַטשן דרוקט מען אויך אַ סך ביכער און צײַטונגען מיט די כּלל־איראָפּעיִשע „לאַטײַנישע" אותיות; אָבער גאָר אַ סך דרוקט מען מיט די גאָטישע אותיות אויך און מען רופֿט זיי אַפֿילו ממש: „דײַטשע שריפֿט", כאָטש מען ווייס דאָך, אַז אַרויסגעוואַקסן זײַנען זיי פֿון די זעלביקע לאַטײַנישע אותיות. איר האָט דאָ (אויף דער אַנדערער זײַט) דעם פֿולן „גאָטישן" אַלף־בית, געדרוקט און געשריבן, כּדי אַז טאָמער קומט אויס, זאָלט איר זיך קענען אַן עצה געבן.

## בײַ די סלאַווישע פֿעלקער

איצטער קומען מיר צו צו די סלאַווישע פֿעלקער.

איידער די סלאַוון האָבן אָנגענומען די קריסטלעכע אמונה האָבן זיי בכלל ניט געוווּסט פֿון קיין שרײַבן; זיי זײַנען זיך באַגאַנגען אָן דעם. זייערע רביים זײַנען געווען די קריסטלעכע מיסיאָנערן. אָבער אין מיטל־עלטער, ווען די קריסטלעכע אמונה האָט זיך פֿאַרשפּרייט בײַ די סלאַווישע פֿעלקער, איז זי שוין געווען צעשפּאָלטן אויף צווייען: דער פּויפּס אין רוים האָט געפֿירט איין טייל קלויסטער, דער פּאַטריאַרך אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל דעם צווייטן טייל. און

אַזוי זײַנען אויך די סלאַווישע פֿעלקער ניט אַלע אַרונטער־
געפֿאַלן אונטער איין השפּעה.

### דער „גאָטישער" אַלף־בית

| | | | |
|---|---|---|---|
| a | 𝔄 𝔞 | n | 𝔑 𝔫 |
| b | 𝔅 𝔟 | o | 𝔒 𝔬 |
| c | ℭ 𝔠 | p | 𝔓 𝔭 |
| d | 𝔇 𝔡 | q | 𝔔 𝔮 |
| e | 𝔈 𝔢 | r | ℜ 𝔯 |
| f | 𝔉 𝔣 | sß | 𝔖 ſß |
| g | 𝔊 𝔤 | t | 𝔗 𝔱 |
| h | ℌ 𝔥 | u | 𝔘 𝔲 |
| i | ℑ 𝔦 | v | 𝔙 𝔳 |
| j | 𝔍 𝔧 | w | 𝔚 𝔴 |
| k | 𝔎 𝔨 | x | 𝔛 𝔵 |
| l | 𝔏 𝔩 | y | 𝔜 𝔶 |
| m | 𝔐 𝔪 | z | ℨ 𝔷 |

געמעל 47

די מערבֿדיקע סלאַוון — די טשעכן, די פּאָליאַקן — זײַנען געקריסטיקט געוואָרן דורך די מיסיאָנערן פֿון דעם רוימישן פּויפּס, און ממילא איז זייער שפּראַך און זייער קולטור געבליבן ביז הײַנטיקן טאָג אונטער דער רוימישער (לאַטײַ־

נישער) השפעה. זיי האָבן באַלד פֿון אָנהייב געשריבן מיט לאַטייַנישע אותיות, און אַזוי איז דאָס געבליבן ביז הייַנט. קיין גלאַטיקער ענין איז דאָס ניט געווען. אָט שרייַבט דער באַוווּסטער פּוילישער פֿילאָלאָג לאָש (Łoś) וועגן דעם, ווי אַזוי מען האָט אין מיטל-עלטער אָנגעהויבן שרייַבן פּויליש:

„אויב דער שרייַבער פֿלעגט זיך אַפֿילו פֿלייַסן איבער-צוגעבן פּינקטלעך די פּוילישע אויסשפּראַך, פֿלעגט ער אויך טייל מאָל אָנטרעפֿן אויף מניעות וואָס ער פֿלעגט ניט קענען גובֿר זייַן, וואָרעם ער האָט ניט געהאַט קיין לאַטייַנישע צייכנס, וואָס מיט זיי זאָל ער קענען איבערגעבן די פּוילישע קלאַנגען. קיינער איז יעמאָלט ניט געפֿאַלן אויפֿן געדאַנק צונויפֿצושטעלן אַ פּוילישן אַלפֿאַבעט, צו באַשאַפֿן עפּעס אַ פּוילישע אויסלייג-סיסטעם, נאָר יעדערער האָט זיך געלאָזט פֿירן פֿון אַן אייַנפֿאַל וואָס איז אים גראָד געקומען; אַ פּוילישן נאָזן-וואָקאַל אָדער עפּעס אַ קאָנסאָנאַנט, וואָס לאַטייַן האָט פֿון אים ניט געוווּסט, פֿלעגט מען איין מאָל איבערגעבן מיט איין קאָמבינאַציע און אַן אַנדערט מאָל מיט אַ צווייטער קאָמבינאַציע.“

ס'האָט היפּש געדויערט, אָבער סוף-כּל-סוף האָבן זיך די פּאָליאַקן דערטראַכט צו ספּעציעלע צייכנס פֿאַר די נאָזנ-קלאַנגען ą און ę; פֿאַר דעם זש-קלאַנג, האַרט און ווייך, האָט מען באַשאַפֿן ż און ź; בייַ ש און טש האָט מען זיך אַן עצה געגעבן מיט קאָמבינאַציעס sz און cz. די טשעכן ווידער האָבן צוגעקלערט באַזונדערע צייכנס š (ש), č (טש), ž (זש). נאָר אין גרונט איז דאָס אָבער אַלץ די כּלל-אייראָפּעיִשע לאַטייַנישע שריפֿט.

אַנדערש איז בײַ די מיזרחדיקע סלאַוון — בײַ די רוסן, אוקראַינער, ווײַסרוסן. צו זיי זײַנען געקומען פֿון קאָנסטאַנטינאָפּאָל גריכישע מיסיאָנערן. האָבן זיי זיך געשאַפֿן אַן אייגענעם אַלפֿאַבעט וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פֿון גריכיש. אויפֿן נאָמען פֿון איינעם פֿון די מיסיאָנערן, קיריל, רופֿט מען אויך די שריפֿט קירילישע.

ביזן אָנהייב 18טן יאָרהונדערט האָט מען געשריבן רוסיש אויך מיט די דאָזיקע אַלטסלאַווישע אותיות. אָבער

ОБѦZАНЪ ТОГДА

О Б Я З А Н Ъ Т О Г Д А

געמעל 48

פּיאָטער דער גרויסער, דער רעפֿאָרמאַטאָר פֿון רוסלאַנד, האָט זיך באַרעכנט, אַז מען קען די שריפֿט מאַכן פּשוטער. זײַן רעפֿאָרם האָט זיך אײַנגעגעבן, און נאָך ביז הײַנטיקן טאָג שרײַבט מען רוסיש מיט פּיאָטערס „גראַזשדאַנקע״.

אויף געמעל 48 זעען מיר עטלעכע ווערטער פֿון אַן אַלטן רוסישן כּתבֿ־יד, געשריבן אין יאָר 1056; אין דער צווייטער שורה גייען די זעלביקע אותיות אין דער הײַנט אָנגענומענער פֿאָרם.

דער פּרינציפּ, לויט וועלכן פּיאָטערס רעפֿאָרם איז דורכגעפֿירט געוואָרן, איז זייער אַ גלײַכער: ער האָט אָפּגעשאַפֿט אַלע צוקן און דריידלעך. דורך דעם האָט ער אַ ביסל דערנענטערט די רוסישע שריפֿט צו דער לאַטײַנישער; אָבער ער זאָל אָפּשאַפֿן דעם רוסישן אַלף־

בית און אַנשטאָט דעם הייסן שרײַבן אין גאַנצן מיט לאַטײַנישע אותיות — דאָס ניט.

געמעל 49

## דער רוסישער אלף־בית

| געדרוקטע גרויסע און קליינע | געשריבענע גרויסע און קליינע | נאָמען | אויסשפּראַך | געדרוקטע גרויסע און קליינע | געשריבענע גרויסע און קליינע | נאָמען | אויסשפּראַך |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| А а | А а | אַ | אַ | С с | С с | עס | ס |
| Б б | Б б | בע | ב | Т т | Т т | טע | ט |
| В в | В в | װע | װ | У у | У у | אוּ | וּ |
| Г г | Г г | גע | ג | Ф ф | Ф ф | עף | פֿ |
| Д д | Д д | דע | ד | Х х | Х х | כאַ | כ |
| Е е | Е е | יע | יע | Ц ц | Ц ц | צע | צ |
| Ж ж | Ж ж | זשע | זש | Ч ч | Ч ч | טשע | טש |
| З з | З з | זע | ז | Ш ш | Ш ш | שאַ | ש |
| И и | И и | אי | י | Щ щ | Щ щ | שטשאַ | שטש |
| І і | І і | אי ס'טאָטשקאָי | י | Ъ ъ | ъ | טווערדי זנאַק | |
| Й й | Й й | אי קראַטקאָיע | י | Ы ы | Ы ы | יערי | אַ מין |
| К к | К к | קאַ | ק | Ь ь | ь | מיאַכקי זנאַק | |
| Л л | Л л | על | ל | Ѣ ѣ | Ѣ ѣ | יאַט' | יע |
| М м | М м | עם | מ | Э э | Э э | ע | ע |
| Н н | Н н | ען | נ | Ю ю | Ю ю | יוּ | יוּ |
| О о | О о | אָ | אָ | Я я | Я я | יאַ | יאַ |
| П п | П п | פּע | פּ | Ѳ ѳ | Ѳ ѳ | פֿיטאַ | פֿ |
| Р р | Р р | ער | ר | Ѵ ѵ | ѵ | איזשיצאַ | י |

די אותיות i (אי ס'טאָטשקאָי), ѣ (יאַט'), ѳ (פֿיטאַ) און ѵ (איזשיצאַ) האָט מען נאָך דער לעצטער אויסלייג־רעפֿאָרם אויפֿגעהערט שרײַבן; אַנשטאָט זיי ניצט מען איצט: и, е, ф, и.

## VIII. די סעמיטישע שריפט

בײַ וועמען האָבן זיך געלערנט די פֿעניקער?

מיר זײַנען אינעם לעצטן קאַפּיטל פֿאַרלאָפֿן אַ ביסל דעם וועג: נאָך איידער מיר האָבן זיך רעכט באַקענט מיט דער כּנעני־שער (פֿעניקישער) שריפֿט, האָבן מיר זיך גענומען צום גריכישן אַלפֿאַבעט און צו זײַנע אָפּשפּראָצן. איצטער זײַנען מיר דערמיט פֿאַרטיק און מיר קערן זיך אום צו די סעמיטן. מיר וועלן פֿריִער באַטראַכטן די שרײַבסיסטעם פֿון די אַלטע סעמיטן בכלל, דערנאָך וועלן מיר צוקומען צו אַמאָליקע ייִדן, און אויסלאָזן וועלן מיר מיט אונדזער הײַנטיקן ייִדישן גאַנג אין שרײַבן.

איין פֿראַגע איז אונדז נאָך געבליבן ניט פֿאַרענטפֿערט פֿון פֿריִער. מיר האָבן געזען, אַז אייראָפּע האָט זיך געלערנט שרײַבן בײַ די פֿעניקער; אָבער פֿון וואַנען וואַקסט בײַ די פֿעניקער דער אַלף־בית?

ביז אין 19טן י"ה אַרײַן איז מען געווען זיכער, אַז זיי האָבן זיך דערצו דערשלאָגן מיט זייער אייגענעם שׂכל. די פֿעניקער זײַנען געווען אַ פֿאָלק מיט גאָר אַ הויכער קולטור, זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט אין שיפֿערײַ, אין מיסחר און אין פּראָדוקציע. איז דעריבער בײַ קיינעם ניט געווען קיין ספֿק, אַז זיי האָבן געהאַט גענוג מוח און כּוח צו שאַפֿן דעם אַלף־בית. נאָר זינט די געלערנטע האָבן זיך אין 19טן י"ה דערגרונטעוועט, אַז אומעטום האָט זיך שרײַבן אָנגעהויבן פֿון בילדער, איז מען געוואָרן פֿאַרחידושט,

וואָס מען האָט אין כּנען ניט געפֿונען קיין זכר פֿון אַזוינע בילדערשריפֿטן. אָבער געפֿונען האָט מען ניט, דאָס איז אַ פֿאַקט.

ווי באַלד אַזוי, איז איינס פֿון די צוויי: אָדער די פֿעניקער האָבן אַדורכגעמאַכט אַן אַנדער וועג ווי אַלע אַנדערע פֿעלקער, אָדער זיי האָבן שוין איבערגענומען זייער אותיות־שריפֿט פֿון דער פֿרעמד פֿאַרטיקערהייט.

מער האָט זיך לכתּחילה געהאַט אָנגענומען די צווייטע מיינונג. די פֿעניקער זײַנען געווען אַ רירעווודיק פֿאָלק, זייערע סוחרים האָבן אָנגעשפּאַרט העט ווײַט מיטן ים און מיט דער יבשה — האָבן זיי שוין געהאַט, טעאָרעטיש גערעדט, גענוג געלעגנהייט מיטצוברענגען אַ פֿרעמדן אַלף־בית.

ווו זשע האָבן זיי גענומען? דאָ האָבן די פֿאָרשערס געהאַט אַ ברייט פֿעלד צו לאָזן שפּילן זייער פֿאַנטאַזיע.

איינע האָבן געפּרוווט טרעפֿן אויף דער פֿלעקל־שריפֿט וואָס איז געווען אָנגענומען אין מעסאָפּאָטאַמיע, גאָר בשכנות מיט סיריע און ארץ־ישׂראל.

אַנדערע האָבן אײַנגעפֿונען, אַז די פֿעניקישע אותיות זײַנען בפּירוש געגליכן צו די מיצרישע היעראָגליפֿן, און מען האָט אויפֿגעשטעלט גאַנצע טאַבעלעס אויף צו באַווײַזן דעם איבערגאַנג.

## קרעטישע שריפֿט

צום סוף 19טן יאָרהונדערט איז אַרויסגעשוווּמען אַ דריטע שיטה. דער ענגלענדער עוועַנס (Evans לייגט זיך אויס זײַן נאָמען אויף ענגליש) האָט דעמאָלט געמאַכט

גרויסע גראָבונגען אויף דעם גריכישן אינדזל קרעטע און געפונען דאָרטן מאָנומענטן פון אַ גראַנדיעזער קולטור, וואָס זי איז געווען אין גאַנצן איינגעזונקען און פאַרגעסן. דורך די דאָזיקע גראָבונגען איז מען דערגאַנגען, אַז נאָך לאַנג־לאַנג איידער גריכנלאַנד האָט זיך פונאַנדערגעבליט האָבן די קרעטער שוין געהאַט אַ מעכטיקע אַרכיטעקטור און אַ געהויבענע קונסט: פאַלאַצן און טעמפּלען, וואַזעס און מאָלעריַיען, פאַרצעליַי און העלפאַנדביינערנע חפצים. אויך איז בײַ זיי געווען אַ שריפט, אָדער, פינקטלעכער, גאַנצע צוויי שריפטן: איינע אַ בילדער־שריפט, די צווייטע מער פון איינציקע פאַסיקלעך. אויף געמעל 50 קען מען זען מוסטערס פון דיביידע קרעטישע שריפטן: א ווײַזט צייכנס פון דער עלטערער בילדערשריפט, ב גיט איבער די זעלבע צייכנס אין דער יינגערער שריפט וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון דער ערשטער.



געמעל 50

איז זאָגן אַנדערע פאַרשערס, אַז טייל פעניקישע אותיות כאַפּן דעם אָנבליק פון די קרעטישע פאַסיקלעך,

און דערפֿון דרינגען זיי, אַז די פֿעניקער האָבן באַקומען זייער שריפֿט פֿון קרעטע. דאָס שיקט זיך גאַנץ גוט, ווייל די פֿעניקישע ים־פֿאָרערס האָבן אויף זייערע נסיעות גאַנץ אָפֿט געמוזט אָפּטרעטן דאָרטן.

פֿאַראַן אָבער חסידים פֿון דער „קרעטישער שיטה", וואָס גייען אַ סך ווייטער: זיי ווילן אין גאַנצן צונעמען די קרוין ביי די פֿעניקער. ניט די פֿעניקישע ים־פֿאָרערס, זאָגן אָט די פֿאָרשערס, האָבן מיטגעבראַכט די שריפֿט פֿון זייערע נסיעות, נאָר מען האָט זיי דאָס אַריינגעבראַכט, אַזוי צו זאָגן, אויף אַלעם גרייטן אין שטוב אַריין.

ווער זשע זיינען עס געווען די בעלי־טובֿות? דאָס זאָלן געווען זיין די פּלישתּים, וואָס מיר קענען זיי גאַנץ גוט פֿון חומש. כּפֿי די היסטאָרישע פֿאָרשונגען וויזן, האָבן זיך די פּלישתּים באַוויזן אין ארץ־ישׂראל בערך אין איין צייט מיט ייִדן, און אַזוי זיינען טאַקע ביים לאַנד כּנען געבליבןביידע נעמען ביז היינטיקן טאָג: „ארץ־ישׂראל" (ייִדנלאַנד) און „פּאַלעסטינע" (פּלישתּים־לאַנד). ייִדן זיינען געקומען דורכן סיני־האַלבאינדזל פֿון מיצרים. פֿון וואַנען זיינען געקומען די פּלישתּים? וועגן דעם זיינען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע טעאָריעס. נו, זאָגן די חסידים פֿון דער קרעטישער שיטה, אַז „כּפֿתּור" אין תּנך מיינט קרעטע און אַז די פּלישתּים זיינען געקומען קיין כּנען פֿון קרעטע. פֿון דאָרטן זאָלן זיי האָבן מיטגעבראַכט זייער אלף־בית, און פֿון זיי זאָלן זיך האָבן אויסגעלערנט שרייבן זייערע נייע שכנים, די פֿעניקער.

ווי מיר זעען, אַלץ שיינע און אינטערעסאַנטע טעאָריעס מיט אַ וויטן קוק. אָבער אין וויסנשאַפֿט קלעקט

ניט, עס זאָל זײַן שײן. אויב איך גײ אַרויס מיט אַ װיסנ־שאַפֿטלעכער טעאָריע, איז ניט גענוג, אַז איך אַלײן זאָל דערין גלײבן: איך מוז קענען ברענגען אַנדערע מבֿינים דערצו, אַז זײ זאָלן אויך אָננעמען מײַנע ראַיות. און װאָס שײך דעם אויפֿקום פֿון אַלף־בית האָט זיך אַלץ געמאַכט אַזוי, אַז קײן אײנע פֿון די פֿאַרשײדענע השערות האָט זיך ניט געקאָנט אָנשפּאַרן אויף גאָר פֿעסטע ראַיות, עס זאָל „נעמען" אַלעמען.

## סיני־שריפֿט

די קרעטישע טעאָריע האָט אין אָנהײב פֿון אונדזער יאָרהונדערט אפֿשר געהאַט צום מערסטן שאַנסן אָנגענומען צו װערן פֿון דער גאַנצער װיסנשאַפֿטלעכער װעלט: דער ייִנגערער טיפּ קרעטישע צײכנס דערמאָנט טאַקע אין די עלטסטע פֿעניקישע אותיות. נאָר אין יאָר 1916 האָט זיך אַ גרופּע חשובֿע געלערנטע פֿאַרקערעװעט גאָר אין אַן אַנדער זײַט. מיט 11 יאָר פֿריִער, אין 1905, האָט דער ענגלישער אַרכעאָלאָג פֿלינדערס פּיטרי (Petrie שרײַבט ער זיך) אָפּגעזוכט אויפֿן האַלבאינדזל סיני, דאָס הײסט בשכֿנות מיט מיצרים, חורבֿות פֿון אַ טיף אַלטן טעמפּל, געהײליקט צו דער מיצרישער געטין האַטאָר. אין די װענט פֿון טעמפּל האָט ער געפֿונען 16 קורצע אײַנגעשריפֿטסן, אין אײנעם אַ װאָסערע 150 צײכנס. פּיטרי האָט געהאַלטן, אַז די אײַנגעשריפֿטסן מוזן זײַן פֿון אַרום 1500 פֿאַר קריסטוסן.

די צײכנס האָבן געכאַפּט דעם אָנבליק פֿון מיצרישע היִעראָגליפֿן. מען האָט זײ געפּרוװט איבערלײענען אויף מיצריש, אָבער ס'איז גאָרניט אַרויסגעקומען. איז אין 1916

אַן אַנדער ענגלענדער, גאַרדינער, געקומען מיט גאָר אַ נײַער השערה. צווישן די 150 צייכנס, האָט ער אויפֿגעוויזן, זײַנען פֿאַראַן ניט מער ווי 32 פֿאַרשיידענע; איז מוז דאָס זײַן אַן אותיות־שריפֿט. טייל צייכנס האָבן אויסגעוויזן צו זײַן געגליכן צו די פֿעניקישע אותיות. האָט גאַרדינער געפּסקנט, אַז די סיני־שריפֿט איז אַ סעמיטישע שרײַב־סיסטעם, און טאַקע די עלטסטע, אַ סך עלטער איידער



געמעל 51

די עלטסטע פֿעניקישע געשריפֿטסן. ס׳איז שווער געווען איבערצולייענען די אײַנראַצונגען אין די טעמפּל־חורבֿות, וואָרעם זיי זײַנען שטאַרק צעשעדיקט (אַ דוגמא זעען מיר אויף געמעל 51), אָבער גאַרדינערן האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַ גרופּע פֿון פֿיר אותיות חזרט זיך איבער אָפֿטער: אַ פֿירקאַנט, אַ פֿיגור ווי אַן אויג, אַ העקעלע און אַ צלמל. האָט ער די דאָזיקע צייכנס דעשיפֿרירט ווי

און דאָס האָט ער איבערגעלייענט: בַעַלַת, לשון־נקבה פון בעַל. און ער האָט אַזוי געלערנט פּשט: דאָס איז אַ טעמפּל פון דער געטין האַטאָר, איר נאָמען איז פאַראַן כמעט אין אַלע היעראָגליפישע טעקסטן וואָס מען האָט געפונען אין יענע מקומות. ווי באַלד סעמיטן זײַנען דאָ אויך געווען און זיי האָבן אויך געוואָלט אַכפּערן די געטין, האָבן זיי זי מיסתּמא אָנגערופן מיט לשון־נקבה פונעם נאָמען פון זייער גאָט בעַל.

גאַרדינער האָט אויפגעבויט אַ גאַנצע טאַבעלע צו ווײַזן, ווי אַזוי די סיני־צייכנס שטימען מיט די מיצרישע היעראָגליפן און מיט די שפּעטערדיקע פעניקישע אותיות. נאָך גאַרדינערן זײַנען געקומען אַ סך חשובֿע געלערנטע–ענגלענדער, דײַטשן, פינלענדער, אַמעריקאַנער. עס איז געוואָרן אַ גאַנצע ליטע־ראַטור וועגן דעם עניין מיט פיל צענדלינגער סבֿרות. מען האָט פאַר דער צײַט געפונען נאָך טעקסטן. מען פאַרמאָגט שוין איצטער 32 אײַנגעשריפטסן אין דער אַזוי גערופענער סיני־שריפט. אָבער די אונטערשטע שורה איז, אַז מען האַלט נאָך אַלץ בײַם סאַמע אָנהייב; אַדרבא, די צעטומלעניש איז גרעסער ווי ווען עס איז. מיט דער גרופּע „בעלת" איז מען נאָך אויך ווײַט פון זיכער, אַנדערע ווילן לייענען די עטלעכע צייכנס גאָר אַנדערש. און חוץ דעם זאָגן מער געוואָרנטע פאָר־שערס, אַז בײַם דעשיפרירן אַ שרײַבסיסטעם קען מען ניט זאָגן: אָט די פאָר צייכנס ווייס איך שוין, וועגן די אַנדערע איז נאָך אַ שאלה; וואָרעם איידער מען איז זיכער מיט אַלע צייכנס קען זיך מאָרגן די סבֿרא וועגן די ערשטע פאָר אויך אַרויסווײַזן פאַר אַן אײַנריידעניש.

אויב אַזוי, איז וואָס קומט אונדז אַרויס פֿון דער טעאָריע, אַז די סיני־שריפֿט איז עס די „פּראָטאָסעמיטישע״[1] שריפֿט? לעת־עתּה קומט אונדז אַרויס גאָרניט מיט גאָרניט. וואָרעם ווי באַלד מען האָט נאָך ניט דערקענט די סיני־צייכנס גופֿא, איז דאָך ניט שייך צו ריידן וועגן דעם, אַז זיי זײַנען עס דער פּראָטאָטיפּ[1] פֿון אַנדערע אותיות.

אַגבֿ מוז מען זאָגן, אַז די געלערנטע זײַנען שוין הײַנט ניט אַזוי פֿאַרקאָכט אין דער פֿראַגע וועגן דער סיני־שריפֿט ווי מיט צוואַנציק יאָר צוריק. בשעת מען האָט אויפֿן גאַנצן שטח צווישן נילוס און אייפֿראַטעס (פּרת) ניט געקענט קיין שום אַנדער שריפֿט ווי די פֿעניקישע, האָט מען זיך געמוזט צוכאַפּן צו דער סיני־שריפֿט ווי צו אַ טײַערן געפֿינס: אָט דאָ, האָט מען גענומען האָפֿן, וועט מען געפֿינען דעם באַשייד אויף אַלע רעטענישן. אָבער די דעשיפֿרירונג פֿון דער סיני־שריפֿט האָט זיך פֿאַרצויגן, דערווײַלע האָבן זיך נאָך דער מילחמה אָנגעהויבן אין סיריע, אונטערן פֿראַנצייזישן מאַנדאַט,[2] נײַע גראָבונגען פֿון פֿראַנצייזישע אַרכעאָלאָגן. און זיי האָט דאָס מזל באמת צוגעדינט.

---

[1] פּראָטאָס איז אויף גריכיש דער טײַטש: ערשטער.—פּראָטאָטיפּ הייסט: דאָס ערשטע בילד, די בראשית־פֿאָרם.

[2] מאַנדאַט רופֿט זיך אַ פֿולמאַכט, אַ שליחות; אַ שליח, זאָגט מען, האָט דעם מאַנדאַט איבערצוגעבן דאָס און דאָס. די שלום־קאָנפֿערענץ אין ווערסאַל, נאָך דער וועלט־מילחמה, האָט איבערגעגעבן עטלעכע לענדער די שליחות („דעם מאַנדאַט״) צו פֿאַרוואַלטן באַשטימטע טעריטאָריעס. למשל האָט מען צוגענומען בײַ די טערקן ארץ־ישׂראל און סיריע; דעם מאַנדאַט צו פֿאַרוואַלטן ארץ־ישׂראל האָט מען איבערגעגעבן ענגלאַנד, דעם מאַנדאַט איבער סיריע האָט באַקומען פֿראַנקרײַך.

איצטער, ווען ס'זיינען אַוועק סך־הכּל פֿופֿצן יאָר נאָך די ערשטע אויפֿדעקונגען פֿון די פֿראַנצייזישע עקספּעדיציעס אין סיריע, קוקט מען שוין גאָר אַנדערש אויף דער געשיכטע פֿון אַלף־בית, הגם געווג זאַכן זיינען נאָך געבליבן מטושטש.

מיר ווען באַלד פּרווון אויסמאָלן אַ בילד, ווי אַזוי די סעמיטן זיינען געקומען צו זייער אותיות־שריפֿט. מען קען ניט ערבֿ זיין, אַז אַלץ איז טאַקע געווען פּונקט אויף אַ האָר ווי מיר מאָלן דאָ אויס; אָבער מיר גיבן איבער די מיינונג פֿון גאָר גרויסע געלערנטע, און דאָס וואָס זיי זאָגן לייגט זיך גוט אויפֿן שׂכל.

## ראַס־שאַמראַ און ביבלאָס

די פּלעקלשריפֿט פֿון ראַס־שאַמראַ, וואָס מען האָט זי אויסגעגראָבן אין 1929, האָבן מיר שוין דערמאָנט. נאָך טאָוועלעך מיט פּלעקלעך וואָלטן קיין נאָווינע ניט געווען. פֿאַרשטייט זיך, אַז די היסטאָריקער זיינען אַלע מאָל להוט צו געפֿינען נייע טאָוועלעך און אַראָפּצולייענען פֿון זיי זאַכן וואָס מען האָט פֿריִער ניט געוווסט — נאָר צום פֿאָרשער פֿון שריפֿט וואָלט עס ניט געהאַט; ער האָט זיך שוין אָנגעזען אַ סך פּלעקלשריפֿט. אָבער איר דערמאָנט זיך דאָך, וואָס עס האָט זיך אַרויסגעוויזן: מערניט לויטן אויסזע זיינען ראַס־שאַמרער שרייבצייכנס געגליכן צו דער ביז יעמאָלט באַוווסטער פּלעקלשריפֿט; אין תּוך איז דאָ גאָר קיין גליַיכעניש ניט, וואָרעם אין ראַס־שאַמראַ האָט מען אויסגעלייגט ניט גאַנצע ווערטער און אַפֿילו ניט טראַפֿן, נאָר איינציקע אותיות. מיט אַנדערע ווערטער: די שריפֿט פֿון ראַס־שאַמראַ איז אַן

אותיות=שריפֿט פּונקט אַזוי ווי די פֿעניקישע אותיות=שריפֿט. זי ניצט טאָקע פֿלעקלעך, אָבער גאָר אויף אַ נײַעם שטייגער.

וואָלט מען צו די ראַס=שאַמרער טעקסטן צוגעקומען מיט אַ יאָר צען פֿריִער, וואָלט דער חידוש געווען נאָך גרעסער. וואָרעם ביז 1923 האָט מען ניט געקענט קיין שום כּנעניש‌ע אײַנגעשריפֿטסן וואָס זאָלן זײַן עלטער ווי דער 9טער–10טער יאָרהונדערט פּ"ק. פֿון 9טן י"ה למשל איז דער שטיין פֿון מֵישע מֶלך מואָבֿ; און די ראַס=שאַמרער טאָוועלעך, ווי מען זעט פֿון זייער אינהאַלט, זײַנען געשריבן אין 14טן און אין 13טן י"ה, ניט שפּעטער— דאָס הייסט זיי זײַנען מיט אַ פֿיר, און אפֿשר אַ פֿינף הונדערט יאָר עלטער איידער די עלטסטע געשריפֿטסן, וועגן וועלכע מען האָט געוווּסט ביז יעמאָלט.[1]

---

[1] דעם מֵישע=שטיין האָט אויסגעגראָבן אין 1868 דער דײַטשער מיסיאָנער קליין אין די חורבֿות פֿון דער שטאָט דיבון, אַ קילאָמעטער צוואַנציק מיזרח=זײַט פֿון ים=המלח. מֵישע מֶלך מואָבֿ דערציילט דאָ וועגן זײַן ניצחון איבער אַחאָבֿן דעם מֶלך פֿון ישׂראל. (אין מלכים ב, קאַפּ׳ ג שטייט וועגן די ניצחונות פֿון ישׂראל, יהודה און אֱדום איבער מֵישען נאָך אַחאָבֿס טויט.) קליין האָט אָנגעהויבן איבעררעדן מיט די בעדויִנער פֿון דער געגנט וועגן אָפּקויפֿן דעם שטיין אויף אַרויסצופֿירן אים קיין דײַטשלאַנד. אַ פֿראַנצייזישער דיפּלאָמאַט האָט גענומען האַנדלען דעם שטיין פֿאַר פֿראַנקרײַך. זײַנען די בעדויִנער געוואָרן גרויס בײַ זיך. האָט זיך אַרײַנגעמישט די טערקישע רעגירונג (יעמאָלט האָט ארץ-ישׂראל געהערט צו טערקײַ). ווען די בעדויִנער זײַנען געוויר געוואָרן, אַז די טערקן לייגן אַרויף די האַנט אויפֿן געפֿינס, האָבן זיי פֿאַר כּעס אָנגעשאָטן אַרום דעם שטיין דערנער און געמאַכט אַ גרויסן פֿײַער, און ווען דער שטיין איז געווען שטאַרק אָנגעהיצט, האָבן זיי גענומען גיסן אויף אים וואַסער — האָט דער שטיין געפּלאַצט. מען האָט אָבער צונויפֿגענומען דאָס רובֿ שטיקער, אַוועקגעפֿירט קיין פּאַריז אין לוּווער=מוזיי און זיי ווי עס איז צונויפֿגעקלעפּט. דאָרטן שטייט דער שטיין ביז הײַנט.

אַ בילד פֿון דעם שטיין איז געגעבן בײַ: ד. אַבראַמאָוויטש און אַ. מענעס, לייענבוך צו דער געשיכטע פֿון ישׂראל, בערלין 1923, ז׳ 38. דאָס בוך איז זייער כּדאַי צו לייענען; איר וועט דאָרטן געפֿינען נאָך אַ סך וויכטיקע בילדער און באַשרײַבונגען.

האָבן אָבער די אַרכעאָלאָגן געהאַט מצליח געווען אין אַ צווייטן אָרט פֿון סיריע, לעבן דער שטאָט ביבלאָס, נאָך אין 1923. דער פֿאָרשער מאָנטע האָט דאָרטן אויסגעגראָבן אַן איינגעשריפֿטס אויפֿן סאַרקאָפֿאַג פֿון אַחירם, אַ מלך פֿון ביבלאָס. דאָס איז אַ טעקסט אויך פֿונעם 13טן י״ה פֿאַר קריסטוסן, דאָס הייסט בערך פֿון איין צײַט מיט די ראַס-שאַמרער טעקסטן; און דאָס איז ניט קיין פֿלעקלשריפֿט, נאָר כּנענישע (פֿעניקישע) אותיות-שריפֿט, גאַנץ נאָענט לויטן טיפּ צו די צייכנס וואָס זײַנען באַוווּסט פֿון קיניג מישעס שטיין און פֿון נאָך שפּעטער. הייסט עס די




געמעל 52

אַ פּאָר שורות פֿונעם איינגעשריפֿטס אויפֿן סאַרקאָפֿאַג פֿונעם מלך אַחירם
(13טער י״ה פּ״ק, אויסגעגראָבן אין ביבלאָס)

געמעל 53

זאַך זעט אויס אַזוי: כּמעט אין איין צײַט, מיט אַ 3100—3200 יאָר צוריק, האָבן אויפֿן שטח פֿון דער הײַנטיקער סיריע, אויף אַ מהלך פֿון אַ וואָסערע 160 קילאָמעטער— אַזוי ווײַט ווי פֿון ווילנע ביז גראָדנע!—עקסיסטירט צוויי

באַזונדערע שרײַבסיסטעמען. און ס'איז ניט אַזוי ווי מיר זעען דאָס הײַנט אַ שטייגער, אַז ווילנער ייִדן שרײַבן זייער שפּראַך מיט ייִדישע אותיות און גראָדנער פּאָליאַקן ווידער זייער שפּראַך מיט לאַטײַנישע. ייִדיש און פּויליש זײַנען דאָך צוויי גאַנץ באַזונדערע שפּראַכן. פֿאַרקערט, דאָס לשון פֿון ביבלאָס איז זייער נאָענט צום לשון פֿון ראַס־שאַמראַ, ס'איז כּמעט ווי די זעלביקע צפֿון־סעמיטישע שפּראַך, און ביידע שרײַבסיסטעמען זײַנען געבויט אויפֿן זעלביקן פּרינציפּ פֿון איבערגעבן קאָנסאָנאַנטן־קלאַנגען דורך אותיות. אָבער די אותיות גופֿא האָבן גאָר אַן אַנדער פּנים. אויב זוכן אַן אַנאַלאָגיע, איז גיכער בײַ די סערבן און קראָאַטן וואָס האָבן פּאַקטיש די אייגענע שפּראַך, מערניט וואָס די ערשטע שרײַבן מיט סלאַווישע אותיות און די צווייטע מיט לאַטײַנישע; אָדער בײַ די ווײַסרוסן: בדרך־כּלל שרײַבן זיי מיט די מיזרח־סלאַווישע (רוסישע) אותיות, נאָר קאַטוילישע גרופּעס בײַ זיי גיבן אַרויס דרוקזאַכן מיט לאַטײַנישע אותיות אויך.

## ביבלאָס — די ביכערשטאָט

מיר ווייסן ניט אויף זיכער, ווו די פֿעניקישע שריפֿט איז אויפֿגעקומען. נאָר ווען מיר גיבן אַ טראַכט איבער דאָס אַלץ וואָס מיר ווייסן וועגן פֿעניקיע, מוזן מיר זאָגן, אַז עס בעט זיך ממש, מיר זאָלן אָננעמען די שטאָט ביבלאָס פֿאַרן געבוירן־אָרט פֿון אונדזער אַלף־בית.

ביבלאָס איז הײַנט אַן אַראַבישער ייִשובֿ פֿון אַ טויזנט אײַנוווינערס מיטן נאָמען דזשעבייל. ניטאָ שוין אַמאָליקע יאָרן! פֿאַר צײַטן איז דאָס געווען דאָס הייליקע

מקום פֿון די פֿעניקער. ס'איז אַ לעצט אַלטע שטאָט, עלטער פֿון צוֹר און פֿון צידוֹן. זי ווערט עטלעכע מאָל דערמאָנט אין תּנך אונטערן נאָמען גבל. פֿון ספֿר יהושע יג, פּסוק ה ווערן מיר געוווּיר, אַז ווען ייִדן זײַנען אַרײַן אין כּנען איז, צווישן אַנדערע געגנטן, געבליבן ניט פֿאַרנומען „דאָס לאַנד פֿון גבלי״; אויף די אײַנוווינערס פֿון גבל זאָגט דער תּנך אַ שבח, אַז זיי זײַנען געווען גוטע בוימײַסטערס און שטיינהאַקערס.[1]

פֿון מיצרישע מקורים ווייס מען, אַז נאָך אין דער ערשטער העלפֿט פֿון צווייטן טויזנט יאָר פֿאַר קריסטוסן, ד״ה באַלד מיט פֿיר טויזנט יאָר צוריק, האָט ביבלאָס געפֿירט מיסחר מיט מיצרים. די עגיפּטישע שיפֿערס וואָס זײַנען געפֿאָרן קיין פֿעניקיע האָט מען גערופֿן: „די וואָס פֿאָרן קיין ביבלאָס״. זיי פֿלעגן ברענגען פֿון דאַנען געהילץ פֿאַר זייערע בנינים און צעדעראייל צו באַלזאַמירן זייערע מתים. פֿאַרקערט ווערט דערציילט אין אַן עגיפּטישן באַריכט פֿון אַרום 1100 פּ״ק, אַז מען האָט פֿון מיצרים געשיקט קיין ביבלאָס מיטן וואַסער 500 ראָלקעס פּאַפּירוס. און דאָס איז געוויס ניט געווען קיין צופֿאַלזאַך, עס איז געוויס פֿון מיצרים געגאַנגען כּסדר אַ פּאַפּירוס־עקספּאָרט קיין ביבלאָס; וואָרעם מיר ווייסן פֿון שפּעטיקערע צײַטן, אַז די גריכן פֿלעגן אײַנקויפֿן פֿאַר זיך פּאַפּירוס אין ביבלאָס; און בײַ די פֿעניקער אין לאַנד איז קיין פּאַפּירוס ניט געוואַקסן.

אויף אַזוי פֿיל האָבן זיך די גריכן צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז פּאַפּירוס ברענגט מען פֿון ביבלאָס, אַז זיי

---

[1] מלכים א, ה, לב; יחזקאל כז, ט.

האָבן דעם עצם פּאַפּירוס און דאָס פּאַפּירוס־געוויקס גענומען רופן Βύβλος אָדער Βίβλος, און דאָס איז געוואָרן אין גריכיש דער נאָמען פאַר „בוך", וואָס מיר האָבן אים נאָך הײַנט אין אַזוינע ווערטער אונדזערע ווי ביבל, ביבליאָטעק.

צי דאַרף מען זײַן אַ גרויסער בעל־פאַנטאַזיע אויף צו זאָגן, אַז אַהער קיין ביבלאָס האָבן גרינג געקאָנט פאַרטראָגן ווערן די מיצרישע היעראָגליפן? אַדרבא, עס וואָלט געווען אַ גרויסער חידוש, ווען זיי זאָלן אַהער ניט געווען דערגיין. און מיר דאַרפן זיך ניט פאַרלאָזן צו שטאַרק אויף דעם וואָס דער שׂכל טראָגט אויס, וואָרעם די פאַקטן ריידן פאַר זיך. אין 1929 האָט מען אין ביבלאָס געפונען אַן אײַנגעשריפטס אויף שטיין—אין איינעם 114 שרײַבצייכנס— אין אַ מין היעראָגליפן־שריפט, און אין 1935 האָט אַ פראַנצייזישער געלערנטער דינאַן איבערגעגעבן אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן קאָנגרעס, אַז ער האָט געפונען אין ביבלאָס נאָך צוויי בראָנדזענע טאָוועלעך מיט די זעלבע צייכנס. דעשיפרירט האָט מען זיי נאָך ניט; אָבער דאָס האָט מען באַלד אין 1929 דערקענט, אַז צווישן די 114 שרײַבצייכנס זײַנען פאַראַן 38 פאַרשיידענע. איז מען משער, אַז דאָס איז ניט קיין אותיות־שריפט, נאָר אפשר אַ מין טראַפּנשריפט. שטאַמען שטאַמט זי פון 16טן י"ה פ"ק. ס'איז אפשר אַ צווישנדיק רינגעלע צווישן דער היעראָגליפן־שריפט ממש און דער שפּעטערדיקער פעניקישער אותיות־שריפט.

מיר האָבן נאָך ניט קיין זיכערקייט וועגן דעם, ווי אַזוי די פעניקער זײַנען דערגאַנגען צו זייער אַלף־בית, און אַ סך פאַקטן וועלן שוין געוויס בלײַבן פאַרהוילן פון אונדז

אויף אייביקע צײַטן. אָבער צוריק געדעדט האָבן אונדז די גראָבונגען פֿון ביבלאָס און ראַס־שאַמראַ געבראַכט אַזוי פֿיל נײַס, אַז מיר מעגן שוין אײַנשטעלן און פּרוּוון זיך אויסמאָלן אַ סכעמע פֿון דער אַנטוויקלונג.

מיר וועלן צונויפֿנעמען די וויכטיקסטע זאַכן פּונקטווײַז, בכדי דער גאַנצער עניָן זאָל אַרויסקומען מער איבער־בליקלעך.

## 1. ווען איז אויפֿגעקומען די פֿעניקישע אותיות־שריפֿט?

מיר פֿאַרשטייען שוין איצטער, אַז פּינקטלעך דאָס יאָר קענען מיר ניט באַשטימען; מיר קענען נאָר פֿרעגן: ווען בערך. איז די תּשובֿה: אַרום 1300 יאָר פֿאַר קריסטוסן, ד״ה מיט אַ 3200—3300 יאָר צוריק.

אַנדערע פֿאַרשערס ווילן אויסברענגען, אַז מען וואָלט געמעגט דערלייגן נאָך אַ דרײַ־פֿיר הונדערט יאָר, און זיי טענהן אַזוי: די אויפֿשריפֿט אויפֿן סאַרקאָפֿאַג פֿון מלך אחירם איז דאָך פֿון אַרום 1300 פֿ״ק, און אויף איר זײַנען די אותיות שוין אין גאַנצן אַנטוויקלט, גאָר־גאָר ענלעך צו די אותיות אויפֿן מישע־שטיין. איז ווי שייך, אַז אַזאַ אַנטוויקלונג פֿון פּרימיטיווע אותיות צו לײַטישע זאָל ניט האָבן געדויערט עטלעכע הונדערט יאָר?

ענטפֿערן דערויף אַנדערע: ס׳איז רעכט, אַז ניט. אַן אַנטוויקלונג האָבן אַדורכגעמאַכט די מיצרישע היעראָגליפֿן יאָ, די כינעזישע שרײַבצייכנס יאָ, וואָרעם זיי זײַנען געוואַקסן און האָבן זיך געביטן אויף אַ נאַטירלעכן שטייגער; אָבער דער פֿעניקישער אַלף־בית איז מיסתּמא אַ צוגעטראַכטע

זאַך, זי איז געוואָרן מיט איין מאָל: דאָ איז ניט שייך צו זוכן אַנטוויקלונג.

נאָך אַ טעם, פֿאַר וואָס מיר האָבן ניט וואָס צו זוכן אין נאָך עלטערע צײַטן, גיט אונדז די געשיכטע. פֿון די ליימענע טאָוועלעך וואָס מען האָט אויסגעגראָבן אין טעל־על־אַמאַרנאַ, מיצרים,[1] זעט מען אַרויס קלאָר, אַז נאָך אין 14טן י״ה פֿ״ק האָבן זיך די מלכים פֿון סיריע־פּאַלעסטינע אַדורכגעשריבן אויף דער בבֿלישער שפּראַך און מיט בבֿלישער פֿלעקלשריפֿט, און ניט נאָר מיט זייער אייבערהאַר דעם פּרעה פֿון מיצרים, נאָר איינער מיטן אַנדערן אויך. דער גרעסטער טייל טאָוועלעך וואָס מען האָט געפֿונען אין טעל־על־אַמאַרנאַ איז טאַקע געשריבן געוואָרן אין ביבלאָס. איז דערפֿון געדרונגען: אויב אַרום 1400 פֿ״ק איז נאָך די פֿעניקישע אותיות־שריפֿט ניט געווען און אַרום 1300 איז זי דאָ, איז אַ סימן, אַז זי האָט געמוזט אויפֿקומען אין דער צווישנצײַט.

## 2. וואָס איז עלטער — ראַס־שאַמרער פֿלעקלשריפֿט אָדער אַחירמס אותיות?

די ראַס־שאַמרער פֿלעקלדיקע אותיות־שריפֿט, האָבן מיר געזען, איז ניט עלטער פֿון 14טן י״ה פֿ״ק, און נאָכן 13טן י״ה פֿ״ק האָבן מיר שוין מער ניט קיין זכר פֿון איר. דאָס אַחירם־אײַנגעשריפֿטס אין ביבלאָס מיט פֿעניקישע אותיות איז בערך פֿון 1300 פֿ״ק. כמעט איין צײַט, קומט אויס. דאָס וואָס צו אונדז זײַנען דערגאַנגען ראַס־שאַמרער

[1] גיב אַ קוק אויף ז' 86.

געשריפֿטסן וואָס זײַנען אַ הונדערט יאָר עלטער קען זײַן אַ הוילע צופֿאַלזאַך. אָבער די פֿאָרשערס האַלטן טאַקע, אַז די ראַס־שאַמרער סיסטעם איז עלטער. והאָ ראַיה: אין דער ראַס־שאַמרער פֿלעקלשריפֿט זײַנען פֿאַראַן דרײַ פֿאַרשיידענע צייכנס פֿאַר א, הגם כּנעניש האָט מערניט איין אַלף־קלאַנג; אויך האָט דער ראַס־שאַמרער אַלף־בית צו צוויי צייכנס פֿאַר ס און פֿאַר צ, הגם כּנעניש דאַרף דאָס ניט. מען קען דאָס אויסטײַטשן נאָר אויף איין אופֿן: אַז ראַס־שאַמראַ האָט איבערגענומען צייכנס פֿון אַן עלטערן אַלף־בית, אַ ניט־סעמיטישן, און האָט מיטגעשלעפּט מיט זיך עטלעכע רעשטן פֿון דער פֿריִערדיקער שפּראַך. ס׳איז אַזוי ווי אייער־שאָלעכץ, זאָגט איינער אַ פֿאָרשער, וואָס איז נאָך געבליבן צוגעקלעפּט צו דער ראַס־שאַמרער סעמיטישער שרײַבסיסטעם נאָך דעם ווי זי האָט זיך שוין געהאַט אַרויסגעפּיקט פֿון איי. מיר זאָלן זיך אויסמאָלן פֿאַרקערט, אַז אין ביבלאָס האָבן זיי געהאַט צו איין א, ס און צ און אין ראַס־שאַמראַ האָט מען, בײַם איבערנעמען דעם גאַנג פֿון אותיות־שרײַבן, פֿון העלער הויט אויסגעטראַכט צו צוויי מאָל ס און צ און אַזש דרײַ מינים א? ניין, אַזאַ סבֿרא האָט גאָר קיין טעם ניט. אֶלא וואָס דען, טאָמער האָבן ראַס־שאַמראַ און ביבלאָס ניט געוווּסט איינע פֿון די אַנדערע? אויך אַ שוואַכע סבֿרא. דער מהלך צווישן דיביידע שטעט איז אַ קליינער, אַ ים־קאָמוניקאַציע איז בײַ יענעם באָרטן געווען אַ לעבעדיקע; אויף די טאָוועלעך פֿון אַמאַרנאַ ווערן אַפֿילו בפּירוש דערמאָנט באַציִונגען צווישן גבֿל (ביבלאָס) און אוגרית (ראַס־שאַמראַ).

### 3. ווער האָט צוגעטראַכט דעם פֿעניקישן אַלף־בית?

קיין נאָמען פֿון אַ מענטשן קענען מיר ניט אָנרופֿן. אָבער עס איז קלאָר, אַז דאָס איז דער אויפֿטו פֿון עפּעס אַ געניאַלן יחיד, אָדער פֿון אַ קליינעם קרײַז מענטשן. אפֿשר איז דאָס געווען אַ מלך צי עפּעס אַ רעליגיעזער ראָש, וואָס מיט זײַן אויטאָריטעט האָט ער אָנגעוואָרפֿן דעם עולם זײַן גאַנג אין שרײַבן: מען האָט אַזוי געהאַלטן פֿון אים, אַז אַלע האָבן אים נאָכגעטאָן.[1] און אפֿשר האָט מען איבער געוואַלד געהייסן שרײַבן מיט די נײַע אותיות — וואָס קען מען וויסן אויף זיכער וועגן אַזעלכע ווײַטע צײַטן.

### 4. פֿון וואַנען וואַקסט דער גאַנג פֿון איבערגעבן קאָנסאָנאַנטן־קלאַנגען דורך אותיות?

צי דער אויסגעפֿינער פֿון דעם פֿעניקישן אַלף־בית האָט דאָס גענומען גלײַך פֿון מיצרים, צי ער האָט דאָס אָפּגעלערנט פֿון דער ראָס־שאַמרער פֿלעקלשריפֿט — דאָס קענען מיר ניט וויסן. אָבער אַז דער גאַנג וואַקסט פֿון מיצרים — דערין איז דער מינדסטער ספֿק ניטאָ.

די ראַיות דערויף האָבן מיר שוין געבראַכט פֿריִער. וואָלט מען אין פֿעניקיע פֿון זיך אַליין געפֿאַלן אויף

---

[1] אַזוי קען טרעפֿן הײַנט, אַז אויב דער קלאַס האָט ליב אַ לערער, זאָלן אַלע קינדער זיך פֿלײַסן נאָכצומאַכן זײַן כּתבֿ. אָדער נעמט דעם סימן V, וואָס מען ניצט אים שוין הײַנט אַזוי שטאַרק אַנשטאָט צווייי באַזונדערע וואָרן. ס'איז סך־הכּל עטלעכע יאָר ווי מען האָט דאָס פֿאָרגעלייגט; נאָר אַזוי ווי פֿאָרגעלייגט האָט דאָס דער ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט (ייִוואָ) און מען האַלט פֿון אים אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט, נעמט זיך אָן דער צייכן זייער גיך.

דער געניאַלער המצאה, אַז מען זאָל צעלייגן די מענטשישע רייד אויף די קלענסטע חלקים (קלאַנגען) און יעטווידער קלאַנג איבערגעבן דורך אַ באַזונדער צייכן, וואָלט מען שוין פאַר איין וועגס צוגעטראַכט צייכנס פאַר די וואָקאַלן אויך. דאָס וואָס מען האָט קיין וואָקאַלן-צייכנס ניט באַשאַפן קען זיך נעמען נאָר פון איין זאַך: מען איז געווען אַזוי באַכישופט פון דעם מוסטער וואָס מען האָט געהאַט פאַר די אויגן, אַז מען האָט קיין פרינציפיעלע שינויים ניט געמאַכט. אַזאַ מין מוסטער האָט געקאָנט זיין נאָר די מיצרישע היעראָגליפן-שריפט. דאָרטן, האָבן מיר געזען, לאָזט זיך היסטאָריש זייער גוט פאַרשטיין, ווי אַזוי מען איז געקומען צו שרייבן מערניט די קאָנסאָנאַנטן אַליין.

## 5. פון וואַנען נעמט זיך דער אויסזע פון די פעניקישע אותיות?

מען דאַרף פאַרשטיין, אַז פון מיצרים קומט דער פרינציפ פון אויסלייגן יעטווידער קאָנסאָנאַנט מיט אַ באַזונדער אות. אָבער צום אויסנווייניקסטן אויסזע פון די אותיות האָט דאָס ניט. איצטער ווייזט זיך אַרויס, אַז אומזיסט האָבן זיך די געלערנטע געמאַטערט מיט אויפשטעלן טאַבעלעס צו ווייזן, ווי אַזוי פון אַ מיצרישן צייכן, אָדער אַ קרעטישן צייכן, אָדער אַ סיני-צייכן איז אַרויסגעוואַקסן דער אָדער יענער פעניקישער אות. אַדרבא, מיר זעען איצטער, אַז אין גרונט זיינען זיך די קרעטישע טעאָריע, די מיצרישע טעאָריע און אַזוי ווייטער גאָרניט סותר: נאָך דעם ווי דער פעניקישער אויסגעפינער (אָדער די אויסגעפינערס) האָט

זיך באַשלאָסן צו מאַכן אותיות, האָט ער די פֿאָרם פֿון איין צייכן געקאָנט נעמען פֿון די היעראָגליפֿן, אַ צווייטן צייכן פֿון קרעטע, אַ דריטן אפֿשר טאַקע פֿון דער סיני־שריפֿט, און אַנדערע צייכנס האָט ער געקאָנט אַליין צוטראַכטן פֿון קאָפּ.

אין דער געשיכטע פֿון שפּעטיקערע אַלף־ביתן האָבן מיר אַ סך אַזוינע פֿאַלן. אָט זיינען נאָך קיין צען יאָר ניט אַוועק, ווי אַ סאָמאַלי אין מיזרח־אַפֿריקע, איסמאַן יוסוף, האָט צוגעטראַכט אַן אַלף־בית פֿאַר זיין שפּראַך וואָס האָט ביז דעמאָלט קיין שריפֿט ניט פֿאַרמאָגט. איסמאַן יוסוף האָט זיך געהאַט געלערנט אַראַביש און אַ ביסל איטאַליעניש. אין זיין סיסטעם זיינען פֿאַראַן אותיות אי פֿאַר די קאָנסאָ־נאַנטן אי פֿאַר די וואָקאַלן; דאָס האָט ער גענומען הייסט עס פֿון איטאַליעניש. אָבער די לענג פֿון די וואָקאַלן גיט ער איבער דווקא אויף אַן אַראַבישן שטייגער; און די אויסנווייניקסטע פֿאָרם פֿון די אותיות דערמאָנט ניט אין איטאַליעניש און ניט אין אַראַביש, נאָר אין עטיאָפּיש[1] גאָר!

דאָס אייגענע זעען מיר ביי פֿאַרשיידענע אַנדערע שרייבסיסטעמען, וואָס מען קען זייער געשיכטע אין אַלע פּרטים. און אַזוי איז אויך דער גאַנג פֿון קינדער. אַ סך קינדער טראַכטן צו אַלף־ביתן. אפֿשר געדענקסטו נאָך—איך

[1] עטיאָפּיש, אָדער געעז, איז די אַלטע מלוכה־שפּראַך פֿון אַבעסיניע (עטיאָפּיע). תּחילת איז געעז געווען די שפּראַך און שריפֿט פֿון די דרום־אַראַבישע סעמיטן וואָס האָבן מיט אַ צוויי טויזנט יאָר צוריק אַריבערגעוואַנדערט פֿון אַראַביע קיין אַפֿריקע. די אַלטע געעז־שפּראַך איז שוין לאַנג אָפּגעשטאָרבן, אָבער מען ניצט זי אין אַבעסיניע נאָך ביז היינטיקן טאָג אין קריסטלעך־קלויסטערשע טעקסטן.

מיין טאַקע דיך, וואָס דו לייענסט אין דעם מאָמענט מײַן ביכל—אַז דו אַליין האָסט אַ מאָל געמאַכט אַזאַ געהיימע שריפֿט צו פֿאַרבאַהאַלטן דײַנע סודות פֿאַר אַ זײַטיק אויג אָדער אויף דורכצושרײַבן זיך מיט דײַן חבֿר. וועסטו זיך דערמאָנען, אַז דאָס רובֿ ניצט מען בײַ אַזאַ אַלף־בית געאָמעטרישע פֿיגורן: אַ ווינקל אַרויף, אַ ווינקל אַראָפּ, אַ קײַקעלע, אַ דרײַעק, אַ גראָדעק, צוויי פּאַסיקלעך און דאָס גלײַכן.

מײַנער גאָר אַ גוטער פֿרײַנד, אַ תּלמיד פֿון אונדזערער אַ ייִדישער שול אין ווילנע, האָט געהאַט צו פֿאַרשרײַבן עפּעס גוואַלדיק וויכטיקע פּלענער, וואָס קיין שום פֿרעמד אויג האָט דערצו ניט געטאָרט צוקומען. האָט מײַן פֿרײַנד — ער איז יעמאָלט געווען אין צוועלפֿטן יאָר און געגאַנגען אין זעקסטן קלאַס פֿאָלקסשול — צוגעטראַכט אַזאַ אַלף־בית:



געמעל 54

איינער אַ פּראָפֿעסאָר גראָט, אַ האָלענדער, האָט דער־ציילט אין 1931, אַז ער האָט אויפֿגעגעבן אַ מיידל פֿון 9 יאָר צונויפֿצושטעלן אַ נײַעם אַלף־בית פֿון 26 אותיות, ד״ה אַזוי פֿיל, וויפֿל עס האָט דער לאַטײַנישער אַלפֿאַבעט. אין דרײַ מינוט אַרום האָט אים דאָס קינד דערלאַנגט אַ פֿאַרטיקע אַרבעט. אָט זײַנען עטלעכע אותיות פֿון דעם אַלף־בית וואָס דאָס קינד אין האָלאַנד האָט געשאַפֿן:

ΘΙΡΧ⊗ΛΔϟ
**l e s n r f o h**

געמעל 55

נו, איצט קוק זיך אײַן אין דעם אײַנגעשריפֿטס אויף אחירמס סאַרקאָפֿאַג פֿון פֿאַר העכער דרײַ טויזנט יאָר, ווֹעסטו זען, ווי קלײן עס איז נאָך אַלעמען די נפֿקא־מינה צווישן יענע ווײַטע אָנהייבן און דײַן אײגענעם צוטראַכט אויף צו פֿלײַסנס אָדער די בײדע קינדערשע אַלף־ביתן וואָס דו האָסט דאָ געזען. די אַלט־פֿעניקישע אותיות זײַנען קרימער, ניט אַלע פֿון אײן מאָס, זײ שטײען ניט אַזוי גלײַך אויסגעשטעלט אין דער שורה; אָבער מען טאָר ניט פֿאַרגעסן, אַז זײ זײַנען ניט געשריבן מיט אַ בלײַער אויף אַ גלאַטן פּאַפּיר, נאָר געקריצט מיט אַ גראָבשטיקל אין שטײן.

6. אין וואָס שטעקט דער גרויסער אויפֿטו פֿון די פֿעניקער?

מיר האָבן געזען, אַז די מִצרים האָבן זיך נאָך מיט לאַנגע יאָרהונדערטער פֿריִער געהאַט דערטראַכט צו קאָנסאָנאַנטן־צײכנס, נאָר פֿאַר אײנס האָבן זײ נאָך אַלץ מיטגעשלעפּט ווײַטער דעם באַלאַסט פֿון די אַלטע היעראָ־גליפֿן אויך. דווקא אַ מענטש פֿון אַן אַנדער פֿאָלק, וואָס פֿאַר אים זײַנען די היעראָגליפֿן ניט געווען קײן הײליקײט, האָט זיך גיכער געקאָנט באַפֿרײַען פֿון דער איבעריקער משׂא.

עס קען גרינגער זײַן, אַז די גאַנצע מִצרישע שרײַב־סיסטעם האָט גאָר דער סעמיטישער אויסגעפֿינער קײן מאָל

ניט געזען. איינער אַ געלערנטער זאָגט אַרויס אַזאַ מין חריפּותדיקע סבֿרא: עס פֿלעגן דאָך קומען אַ סך עגיפּטער קיין פֿעניקיע; פֿלעגן זיי זיך מיסתּמא פֿאַרצייכענען די נעמען און אַדרעסן פֿון זייערע גוטע פֿרײַנד, און דערויף האָבן זיי געקאָנט ניצן נאָר די אַלפֿאַבעטישע עלעמענטן פֿון דער מיצרישער שרײַבסיסטעם; די היעראָגליפֿן ממש, די בילדער, האָבן דערצו ניט געטויגט. דאָס האָט צוגעזען דער אויסגעפֿינער דער פֿעניקער און זיך דאָס גוט אַרײַנגענומען אין זינען אַרײַן און אויפֿגעבויט דערויף זײַן נײַע סיסטעם, וואָס איר איז באַשערט געווען אײַנצונעמען די וועלט.

7. פֿון וואַנען קומען די נעמען פֿון די סעמיטישע אותיות?

דאָס רובֿ טײַטשט מען אַזוי, אַז איטלעכער הײַנטיקער אות איז תּחילת געווען אַ ב י ל ד פֿון עפּעס אַ זאַך, און דעם נאָמען פֿון אָט דער זאַך טראָגט עס דער אות ביז הײַנטיקן טאָג.

דער ערשטער וואָס האָט אויפֿגעבויט אַזאַ טעאָריע איז געווען אַ האָלענדישער געלערנטער רענפֿערד נאָך מיט אַ דריטהאַלבן הונדערט יאָר צוריק, סוף 17טן י״ה. עס איז פֿאַראַן אַ חידושדיקער הסכּם, האָט ער געשריבן, צווישן דער פֿאָרם פֿון די אותיות און די זאַכן וואָס זייערע נעמען באַטײַטן. אַנדערע העברעיִש־פֿאָרשערס האָבן דאָס אָנגענומען. למשל ב איז געגליכן צו אַ ה ו י ז, ווי מען זעט עס אין מיזרח: אַ פֿלאַכער דאַך, רעכטס אַ זײַטיקע וואַנט, אונטן אַ פּאָדלאָגע; אויף דער לינקער אָפֿענער זײַט איז דער אַרײַנגאַנג. און היות אַ הויז הייסט בית, האָט מען דעם אות

ב

אויך אָנגערופֿן בֵּית. ג, קענט איר הערן, איז טײַטש גמל, ק ע מ ל: אַ קורצער קאָפּ, אַן אויס־געצויגענער האַלדז, און ווײַטער דער גוף מיטן לינקן פֿאָדערשטן און הינטערשטן פֿוס. פֿון דער ט י ר (דֶלֶת) אין ד זעט מען מערניט דעם אייבערשטן און דעם רעכטן קאַנט, דער לינקער קאַנט גיסט זיך צונויף מיטן בײַשטידל און דער אונטערשטער מיט דער פֿאָדלאָגע. כ, טײַטשט מען, איז כַּף, די פּ ל אַ כ ע ה אַ נ ט (איר מעגט וויסן, אַז מיט אַן עלטערן ייִדישן וואָרט רופֿט זיך דאָס: „דער טענער"). ש איז שֵן, דער צ אָ ן; דערויף ווײַזן אָן, דאַרף מען פֿאַרשטיין, די דרײַ שפּיצן.

אין 18טן י"ה האָט מען זיך דערוווּסט, אַז די הײַנטיקע העברעיִשע אותיות זײַנען ניט די עלטסטע סעמיטישע שרײַבצייכנס און אַז די נעמען פֿון די העברעיִשע אותיות זײַנען געווען נאָך אין יענע צײַטן, בשעת מען האָט געניצט דורכויס דעם אַלטן אַלף־בית (אויף געמעל 63 קען מען זען אי די אַלט־פֿעניקישע, אי די אַלט־העברעיִשע שרײַב־צייכנס). דאָ האָבן די געלערנטע אָנגעהויבן טײַטשן די אַלטע אותיות ווי בילדער. בנוגע טייל אותיות איז דאָס אַפֿילו אָנגעקומען גרינגער. אונדזער ע זעט בשום־אופֿן ניט אויס ווי אַן א ו י ג (עַיִן); דער אַלט־סעמיטישער ע (איר קענט דאָס זען אויף געמעל 63) איז אַ קײַקעלע—פּונקט דאָס וואָס מען דאַרף. דער אַלטער ש זעט אויס ווי אַ לאַטײַנישער W, איז גאַנץ גוט. בײַם ד, וואָס אין דעם אַלטן אַלף־בית האָט ער דעם פּנים פֿון אַ דרײַעק, האָט מען זיך

נאָך אַן עצה געגעבן, אַז דאָס איז ניט די טיר פֿון אַ הויז, נאָר דער אַרײַנגאַנג צו אַ געצעלט. אָבער אַנדערע נעמען האָבן זיך צו די אַלטע צייכנס געקלעפּט נאָך ווינציקער ווי צו די איצטיקע. דער אַלטער כ זעט גאָר אויס ווי דער איצטיקער ש — ווו איז דאָ דער טענער פֿון אַ האַנט? דער אַלטער סימן פֿאַר ב איז ניט געגליכן צו קיין הויז. לַמד איז אָנגענומען צו טײַטשן ווי „אָקסן־שטעקן", און דאָס וואָלט גראָד געווען אָנגעמאָסטן פֿאַרן עלטסטן אויסזע פֿון דעם אות. איז אָבער ווײַטער אַ צרה: אַ שטעקן אונטערצוטרײַבן אָקסן הייסט גאָר מַלְמָד, וואָלט דאָך דער מ געדאַרפֿט הייסן אַזוי. קורץ פֿון דער זאַך, הײַנט זײַנען פֿאַראַן גרויסע געלערנטע וואָס זײַנען אַפּיקורסים אין דער גאַנצער מעשׂה און זאָגן, אַז די בילדער־טעאָריע שטייט אויף הינערשע פֿיסלעך. אַגבֿ ווייסן מיר דאָך, אַז קיין שום רעשטלעך פֿון בילדערשריפֿט, קיין שום אָנצוהערענישן אַפֿילו אויף בילדערשריפֿט האָט מען אין ארץ־ישׂראל און סיריע ניט געפֿונען. און מיט די נעמען פֿון ה, ח, ט, ס, צ קענען זיך אַפֿילו די חסידים פֿון דער בילדער־טעאָריע קיין עצה ניט געבן.

פֿון וואַנען זשע פֿאָרט האָבן זיך גענומען צו אונדזערע אותיות די נעמען וואָס האַלטן זיך שוין טויזנטער יאָרן? לאָמיר פּרוּוון אָפּלערנען עפּעס פֿון הײַנטיקע צײַטן. דערמאָנט זיך די אַלף־בית־ביכלעך, פֿון וועלכע מען לערנט קליינע קינדער לייענען. עס שטייט אַ ב, לעבן דעם איז אויסגעמאָלט אַ בעט און ס'שטייט אָנגעשריבן ב ע ט. לעבן ג קען שטיין אָנגעשריבן ג אַ נ ד ז און ס'איז אויסגעמאָלט אַ גאַנדז; לעבן מ איז אויסגעמאָלט און אָנגעשריבן מ ו י ז, און דאָס גלײַכן. די ווערטער און די בילדער זײַנען געגעבן ווי אַן

אָנשפּאַר פֿאַר דעם קינדס זיכּרון. קען זיך טרעפֿן, אַז דאָס קינד וועט אָנרופֿן דעם ב „בעט‟, דעם ג „גאַנדז‟ און דעם מ „מויז‟. אָבער דאָס הייסט דאָך ניט, אַז אין די פֿאָרמען פֿון די אותיות ב אָדער ג דאַרף מען זוכן די פֿאָרמען פֿון אַ בעט אָדער אַ גאַנדז. דאָס אייגענע, קומט אויס, זײַנען אונדזערע נעמען פֿון די אותיות אויך: ניט קיין בילדער פֿון פֿאַר צײַטן, נאָר פּשוט פֿאַרגעדענק־סימנים.

איך מוז זאָגן, אַז אָט די „פֿאַרגעדענק‟־טעאָריע לייגט זיך מיר אַ סך מער אויפֿן שׂכל איידער די טעאָריע וועגן בילדער.

## IX. סעמיטישע שפּראַכן און שריפֿטן

### די מישפּחה סעמיטישע שפּראַכן

ווען מיר האָבן פֿריִער געבראַכט דעם פֿראַנצייזישן געלערנטן רענאַנס ווערטער, אַז דער סעמיטישער אַלף־בית איז איינע פֿון די גרעסטע שאַפֿונגען פֿון מענטשישן גײַסט, האָבן מיר באַלד אַ פֿרעג געטאָן, צי לאָזט זיך ניט באַשטימען נעענטער, פֿון וואָסערע סעמיטן דער אַלף־בית וואַקסט. און די תּשובֿה איז געווען: עס גייט וועגן די פֿעניקער, און פֿעניקיש איז אַ שפּראַך פֿון צפֿון־סעמיטישן צווײַג. נאָך פּינקטלעכער וועט זײַן צו זאָגן: פֿון צפֿון־מערבֿדיקן סעמיטישן צווײַג.

לאָמיר זיך אַרומקוקן אַ ביסל אין אונדזער סעמיטישער מישפּחה.

די עלטסטע סעמיטישע שפּראַך וואָס מיר קענען איז די שפּראַך פֿון בבֿל.[1] דערמאָנט זיך, וואָס איר האָט געלייענט פֿריִער אין דעם קאַפּיטל וועגן פֿלעקלשריפֿט. גאָר אַ מאָל זײַנען אַרום דער לעפֿצונג פֿון אייפֿראַטעס און טיגריס געזעסן די סומערער, ניט קיין סעמיטיש פֿאָלק; בײַ זיי באַגעגענען מיר די פֿלעקלשריפֿט צום ערשטן. דערנאָך זײַנען געקומען די בבֿלים, אַ פֿאָלק מיט אַ סעמי־טישער שפּראַך, און האָבן אײַנגענומען די סומערער מלוכה.

---

[1] אחוץ דעם נאָמען בבֿליש טרעפֿט מען נאָך די נעמען אשוריש אָדער אכּדיש (לויטן נאָמען פֿון דער שטאָט אכּד וואָס ווערט דערמאָנט אין בראשית י, י).

בבֿלישע פֿלעקלשריפֿטיקע געשריפֿטסן האָבן זיך אויפֿגעהיט אין אַ גרויסער צאָל, און פֿון זיי האָבן די געלערנטע באַקומען אַ נישקשהדיק בילד וועגן די קלאַנגען און די פֿאָרמען פֿון אָט דער שפּראַך. אָט די בבֿלישע שפּראַך רופֿט זיך ביַי די לינגוויסטן מִזְרח=סעמיטיש, להיפּוך צו אַלע אַנדערע סעמיטישע שפּראַכן וואָס מען נעמט צונויף אונטערן נאָמען מערבֿ=סעמיטיש.

די מערבֿ=סעמיטישע שפּראַכן ווידער טיילן זיך אין צוויי גרופּעס:

צפֿון=מערבֿ=סעמיטיש: א) כנעניש און ב) אַרמיש;

דרום=מערבֿ=סעמיטיש: א) אַראַביש און ב) עטיאָפּיש.

עטיאָפּיש

לאָמיר אָנהייבן פֿון די דרום=מערבֿדיקע שפּראַכן; זיי אינטערעסירן אונדז ווינציקער, וועלן מיר דאָס קענען אָפּמאַכן בקיצור. דערנאָך וועלן מיר שוין צוקומען צו יענע שפּראַכן און שריפֿטן וואָס זיַינען אונדז נעענטער.

וועגן עטיאָפּיש, אָדער געעז, איז שוין איין מאָל געקומען צו רייד.[1] די עלטסטע געעז=טעקסטן וואָס האָבן זיך אויפֿגעהיט זיַינען פֿון 4טן יאָרהונדערט נ״ק. פֿון אַרום 500 נ״ק זיַינען שוין פֿאַראַן היפּש געשריפֿטסן, צווישן זיי אַן איבערזעצונג פֿון תּנך. אַרום דעם תּנך איז אויסגעוואַקסן

[1] זע אויבן ז׳ 134.

אַ היפּשע צאָל פּירושים, און בכלל אַ קריסטלעך-גײַסטלעכע ליטעראַטור.

אין 13טן י״ה איז אַבעסיניע באַהערשט געוואָרן פֿון די אַמהאַרער, אַ דרום-אַבעסינישער שבֿט. צו ביסלעך איז אַמהאַריש געוואָרן די שפּראַך אין לאַנד. געעז איז אָפּגעשטאָרבן ווי אַ ריידשפּראַך, אָבער די רעליגיעזע ליטעראַטור אין איר איז געוואַקסן ווײַטער. אין קריסטלעך-קלויסטערשע טעקסטן ניצט מען נאָך די שפּראַך ביז הײַנטיקן טאָג.

אין אייראָפּע האָט מען זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט געעז נאָך אין 17טן י״ה, און כאָטש מען האָט נאָך יעמאָלט געהאַט גאָר אַ קנאַפּע השׂגה וועגן דער קרובֿישאַפֿט פֿון שפּראַכן, האָט מען באַלד דערזען, אַז געעז איז גאַנץ נאָענט צו אַראַביש.

## די אַראַבישע שפּראַך

פֿון גאָר אַלטע צײַטן זײַנען צו אונדז קיין אַראַבישע טעקסטן ניט דערגאַנגען. איינער פֿון די עלטסטע טעקסטן איז די אויפֿשריפֿט אויפֿן קבֿר פֿון אַ לאָקאַלן קיניג, וואָס מען האָט זי געפֿונען אין על-נעמאַראַ, לעבן דַמֶשֶׂק, סיריע; זי שטאַמט פֿון יאָר 328 נ״ק.

דער אמתער אויפֿבלי פֿון דער אַראַבישער שפּראַך און ליטעראַטור האָט זיך אָנגעהויבן נאָך מחמֶדן, אין 7טן י״ה נ״ק. די אַראַבער האָבן גענומען שפּרייטן זייער נײַע רעליגיע, דעם איסלאַם, מיט פֿײַער און שווערד. די אַראַבישע כאַליפֿן האָבן אײַנגענומען גאַנץ פֿאָדער-אַזיע

٨٣ وَتِلْكَ حُجَّتُنَا آتَيْنَاهَا إِبْرَٰهِيمَ عَلَىٰ قَوْمِهِۦ نَرْفَعُ دَرَجَٰتٍ مَّن
نَّشَآءُ إِنَّ رَبَّكَ حَكِيمٌ عَلِيمٌ ٨٤ وَوَهَبْنَا لَهُۥٓ إِسْحَٰقَ وَيَعْقُوبَ
كُلًّا هَدَيْنَا وَنُوحًا هَدَيْنَا مِن قَبْلُ وَمِن ذُرِّيَّتِهِۦ دَاوُۥدَ وَسُلَيْمَٰنَ
وَأَيُّوبَ وَيُوسُفَ وَمُوسَىٰ وَهَٰرُونَ وَكَذَٰلِكَ نَجْزِى ٱلْمُحْسِنِينَ

עטלעכע שורות פֿון קאָראַן, דעם הייליקן ספֿר פֿון די מחמדאַנער

געמעל 56

און צפֿון־אַפֿריקע. אין 711 זײַנען זיי אַריבער איבערן דורכגאַס פֿון גיבראַלטאַר און געוואָרן געוועלטיקערס איבערן פּירענעיִשן האַלבאינדזל אויך; עס האָט גענומען העכער זיבן הונדערט יאָר, ביז וואַנען מען האָט זיי אין גאַנצן צוריק אַרויסגעשטופּט פֿון אייראָפּע.

אין איינעם מיטן איסלאַם האָט אויך די אַראַבישע שפּראַך פֿאַרנומען אומגעהײַערע טעריטאָריעס. אַ מחמדאַנער איז מתפּלל אַ סך, און ער מעג תּפֿילה טון מערניט אין אַראַביש. אויף אַזאַ אופֿן איז אַראַביש געוואָרן די שפּראַך פֿון דער רעליגיעזער ליטעראַטור בײַ אַלע מחמדאַנישע פֿעלקער, און אַזוי אויך די שפּראַך פֿון ליטעראַטור בכלל און פֿון וויסנשאַפֿט. מער ווי דאָס: אַפֿילו בײַ יִדן אין די מחמדאַנישע לענדער, כאָטש בײַ אונדז איז דאָך די רעליגיע געווען גאָר אַן אַנדערע, איז אויך אין מיטל־עלטער געשאַפֿן געוואָרן אַ גרויסע ליטעראַטור אויף אַראַביש.

די אַראַבישע שרײַבשפּראַך איז ביז הײַנטיקן טאָג געגליכן צו דער שפּראַך פֿון קאָראַן, און יעדער

איינער וואָס קען גוט אַראַביש פֿלייסט זיך צו שרײַבן ליטעראַריש. פֿון דער ליטעראַטור־שפּראַך ביז די דיאַלעקטן, אויף וועלכע מען רעדט הײַנט, איז גאָר אַ גרויסער מהלך. דיאַלעקטן האָט די אַראַבישע שפּראַך אַ סך, נאָר אַרום און אַרום קען מען זיי צעטיילן אויף צוויי גרויסע גרופּעס, אַ מיזרחדיקע און אַ מערבֿדיקע; דער גרענעץ צווישן זיי איז דער מערבֿדיקער גרענעץ פֿון עגיפּטן.

ווען ס׳האָט זיך גענומען אַנטוויקלען אַ ליטעראַטור אין די נאַציאָנאַלע שפּראַכן פֿון די מחמדאַנישע פֿעלקער, — אַ שטייגער בײַ די פּערסער, בײַ די טערקן — האָט מען אַלץ גענוצט די אַראַבישע אותיות.[1] ביזן מאַלײַישן האַלבאינדזל אַראָפּ אויף מיזרח און ביז טיף אין אַפֿריקע אַרײַן שרײַבט מען ביז הײַנטיקן טאָג מיטן אַראַבישן אַלף־בית שפּראַכן וואָס זײַנען גאָר ניט קיין סעמיטישע. די טערקן האָבן פֿאַרביטן דעם אַראַבישן אַלף־בית אויפֿן לאַטײַנישן סך־הכּל מיט אַ יאָר צען צוריק.

## דער אַראַבישער אַלף־בית

ווען מען גיט אַ קוק אויפֿן געמעל 56, קען מען מיינען אין פֿלוג, אַז דאָס איז גאָר עפּעס פֿאַר זיך און די אַראַבער האָבן דאָס אַליין צוגעטראַכט. לאָזט זיך אויס, אַז ניט; נאָר וואָס דען, גענומען האָבן זיי ניט בײַ פֿרעמדע, נאָר בײַ אייגענע — בײַ אַן אַנדער סעמיטישן פֿאָלק. אַראַביש אַליין, האָבן מיר זיך שוין דערוווּסט, איז אַ דרום־מערבֿדיקע

[1] מער פּרטים וועגן די אַראַבער, זייער שפּראַך און ליטעראַטור קען מען געפֿינען אונטערן זוכוואָרט אַראַביע אין דער „אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע״, אַרויסגעגעבן פֿון דובנאָוו־פֿאָנד אין פּאַריז, באַנד IV (1938), זז׳ 253—263.

סעמיטישע שפּראַך; זייער אַלף־בית האָבן די אַראַבער געגומען ביַי אַרַמיש, דאָס הייסט ביַי אַ צפֿון־מערבֿדיקער סעמיטישער שפּראַך. מערניט וואָס עס זיַינען צוגעגעבן געוואָרן עטלעכע צייכנס פֿאַר קלאַנגען, וואָס נאָר אַראַביש האָט זיי. געדענקען דאַרף מען, אַז אין אַראַביש שריַיבט מען אויך נאָר די קאָנסאָנאַנטן; אויף איבערצוגעבן די וואָקאַלן איז פֿאַראַן אַ סיסטעם נקודות.

דער אַראַבישער אלף־בית

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| ا | א | ك | כּ | ش | ש |
| ب | ב | ل | ל | ت | ת |
| ج | דזש | م | מ | ث | אַ מין טה |
| د | ד | ن | נ | خ | אַ מין כ |
| ه | ה | س | ס | ذ | אַ מין דה |
| و | ו | ع | אַ מין ע | ض | אַ מין דה |
| ز | ז | ف | פֿ | ظ | אַ מין ס |
| ح | ח | ص | אַ מין צ | غ | אַ מין ג |
| ط | ט | ق | ק | | |
| ى | י | ر | ר | | |

געמעל 57

גיט נאָך אַ מאָל אַ קוק אויף געמעל 56; אויב איר וועט ניט קענען איבערלייענען, וועט איר אָבער פֿאָרט זען סימנים אונטער און איבער די אותיות, וואָס צווישן זיי זיַינען פֿאַראַן אויך נקודות.

## די אַראַבישע ציפֿער

ווען אַרַמיש וועט אונדז באַלד אויסקומען צו ריידן מער באַריכות. פֿריִער נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגן די אַראַבישע ציפֿער.

ווען מיר זעען די צייכנס VI, XX, CM, רופֿן מיר דאָס רוימישע ציפֿער, און דאָס איז ריכטיק. פֿון די רוימער טאַקע קומט דער גאַנג פֿון באַצייכענען צאָלן אויף דעם אופֿן.

היינט ניצט מען שוין די רוימישע ציפֿער זעלטן, סיידן אויפֿן ציפֿערבלאַט פֿון אַ זייגער אָדער אויף אָנצוצייכענען די זייטלעך פֿון אַ הקדמה אין אַ בוך, אָדער אויף אַ הויז, צו וויזן, ווען ס'איז אויפֿגעבויט געוואָרן. דאָס רובֿ שרייבט מען היינט יענע דריי צאָלן 6, 20, 900, און דאָס רופֿן מיר אָנגעשריבן מיט אַראַבישע ציפֿער. דער נאָמען איז אַ באַרעכטיקטער מערניט אויף העלפֿט. וואַקסן גאָר אונדזערע איצטיקע ציפֿער פֿון אינדיע, נאָר פֿאַר נויט מעגן מיר זיי רופֿן אַראַבישע, וואָרעם די אַראַבער זיינען עס געוועזן די וואָס האָבן זיי אין 12טן י״ה געבראַכט קיין אייראָפּע. די אַראַבער גופֿא שרייבן היינט גאָר אַנדערע ציפֿער; איר קענט זיי זען אַ שטייגער אויף ארץ־ישׂראלדיקע פּאָסטמאַרקעס. פֿון געמעל 58 קענט איר זיך אויסלערנען איבערלייענען און אָנשרייבן צאָלן מיט די אמתע אַראַבישע ציפֿער.

**רוימישע ציפֿער**

| | | |
|---|---|---|
| 100—C | 10—X | 1—I |
| 200—CC | 20—XX | 2—II |
| 222—CCXXII | 30—XXX | 3—III |
| 400—CD | 40—XL | 4—IV |
| 490—CDXC | 50—L | 5—V |
| 500—D | 58—LVIII | 6—VI |
| 1000—M | 60—LX | 7—VII |
| 1900—MCM | 90—XC | 8—VIII |
| 2100—MMC | 99—XCIX | 9—IX |

1938 — MCMXXXVIII

קוקט זיך איין, וועט איר באַלד כאַפּן דעם כּלל: אויב אַ צאָל איז צונויפֿגעשטעלט פֿון עטלעכע ציפֿער, איז דער גרעסטער ציפֿער דער גרונטציפֿער; וואָס עס שטייט רעכטס פֿון אים דאַרף מען צוגעבן, וואָס עס שטייט לינקס דאַרף מען אַראָפּנעמען.

| | |
|---|---|
| 1 | ١ |
| 2 | ٢ |
| 3 | ٣ |
| 4 | ٤ |
| 5 | ٥ |
| 6 | ٦ |
| 7 | ٧ |
| 8 | ٨ |
| 9 | ٩ |
| 0 | ٠ |
| 10 | ١٠ |
| 25 | ٢٥ |
| 100 | ١٠٠ |

געמעל 58

## די אַראַמישע שפּראַך

די אַרמים קערן זיך אָן מיט אונדז ייִדן אַזוי נאָענט, אַז מיר װעלן זיך דאַרפֿן פֿאַרהאַלטן בײַ זײ אַ ביסל לענגער.

די עלטסטע אָנצוהערעניש אויף זיי געפֿינען מיר אין די פֿלעקלשריפֿטיקע טעקסטן פֿון די אַשורים און בבֿלים פֿון אַן ערך 3300 יאָר צוריק, ד״ה בערך פֿון דער צײַט פֿון מלך אַחירם. די טעקסטן מעלדן אונדז, אַז די אַ ר ַ מ י (טייל מאָל װערן זיי אָנגערופֿן אַ כ ל אַ מ ע), אַ װאַנדער־שבֿט אין דער מידבר מערבֿ־זײַט פֿון מעסאָפּאָטאַמיע, פֿלעגן אָנפֿאַלן אויף די גרענעצן פֿון אַשור און בבֿל. שפּעטער זײַנען זיי אַרײַנגעדרונגען אין די דאָזיקע לענדער גופֿא אויך, און די בבֿלים האָבן צו ביסלעך אָװעקגעװאָרפֿן זייער אייגענע שפּראַך (אויך אַ סעמיטישע, װי מיר האָבן געזען) און אָנגעהויבן ריידן און שרײַבן אויף אַרמיש. מיט איטלעכן יאָרהונדערט האָט זיך די אַרמישע שפּראַך גערוקט אַלץ װײַטער צום מיטלענדישן ים צו. װען די פּערסער האָבן פֿאַרנומען די ממשלה איבער פֿאָדער־אַזיע, איז שוין אַרמיש געװען די אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַך אַנשטאָט בבֿליש:[1] אין קליין־אַזיע, װוּ עס האָבן קיין מאָל ניט געװוינט קיין גרעסערע מאַסן סעמיטן, האָבן די פּערסישע פּלאַצהאַלטערס געשלאָגן געלט מיט אַרמישע אויפֿשריפֿטן, און אַפֿילו אין מיצרים האָט מען אונטער די פּערסער געשריבן אָפֿיציעלע אַקטן אין אַרמיש.

די דאָקומענטן װאָס װערן געבראַכט אין תּנך, אין ספֿר עזרא, װעגן אויפֿשטעלן דעם צװייטן בית־המיקדש זײַנען

[1] זע פֿריִער ז׳ 86.

אויך געשריבן אין דער אַרמישער שפּראַך. דער קיניג הייסט דאָ מַלְכָּא (העברעיִש: מלך), דער הימל הייסט שְׁמַיָא (העבר׳: שמים), גאָלד הייסט דְהַב (העבר׳: זהב), אַ פֿאָלק הייסט עַמָא (העבר׳: עם), דו איז אַנְתְּ (אתה); אֱדַיִן אֲמַרְנָא לְהֹם לייענען מיר, וואָס אויף העברעיִש וואָלט דאָס געווען: אז אמרנו להם. פֿון די פּאָר מוסטערן זעט מען, אַז העברעיִש און אַרמיש זיַינען צוויי שפּראַכן נאָענטע צווישן זיך, אָבער פֿאָרט זיַינען עס באַזונדערע שפּראַכן.

די אַרמישע שפּראַך האָט געהאַט אין זיך אַ גוואַלדיקן כּוח: זי איז פֿאַר ייִדן ניט געבליבן נאָר אַ שפּראַך פֿון דיפּלאָמאַטיע, נאָר זי איז אַריַינגעדרונגען אין אינעווייניקסטן ייִדישן לעבן אין ארץ־ישׂראל אויך; וואָס וויַיטער האָבן אַלץ מער ייִדן גענומען ריידן אַרמיש ניט נאָר מיט פֿרעמדע, נאָר ביַי זיך אין שטוב אויך. אַפֿילו אין תּנך האָבן זיך אַריַינגעריסן שטיקער אַרמיש.[1] העברעיִש גופֿא, סיַי אין ריידן און סיַי אין שריַיבן, האָט זיך שטאַרק געביטן אונטער דער ווירקונג פֿון אַרמיש. אין דער ציַיט ווען די רוימער האָבן פֿאַרנומען ארץ־ישׂראל איז שוין אַרמיש געווען ביַי ייִדן די ריידשפּראַך. די גמרא וואָס איז פֿאַרטיק געוואָרן מיט אַן אָנדערטהאַלבן טויזנט יאָר צוריק איז שוין אין גאַנצן אויף אַרמיש.

דער הייליקסטער ספֿר ביַי ייִדן איז אַלץ געבליבן דער תּנך, און דערפֿאַר האָט טאַקע די שפּראַך פֿון תּנך באַקומען דעם נאָמען לשון־קודש („די שפּראַך פֿון דער הייליקייט”).

---

[1] דעם ספֿר עזרא האָבן מיר שוין דערמאָנט; דאָס אייגענע זיַינען פֿאַראַן גאַנצע קאַפּיטלעך אַרמיש אינעם ספֿר דניִאל.

אָבער אויף צו פֿאַרשטיין דעם תנך האָט מען אים געמוזט פֿאַרטײַטשן אויף דער ריידשפּראַך, אויף אַרמיש, פּונקט אַזוי ווי מען פֿאַרטײַטשט הײַנט אויף ייִדיש. פֿאַרטײַטשן הייסט אויף העברעיִש תּרגם, דעריבער האָט די אַרמישע פֿאַר־טײַטשונג פֿון תנך באַקומען דעם נאָמען תּרגום.

דער כּלל איז געווען, אַז מען זאָל בײַם לערנען זאָגן דעם פּסוק צוויי מאָל אויף לשון־קודש און אים באַלד נאָך דעם פֿאַרטײַטשן אויף אַרמיש; דאָס האָט זיך גערופֿן: „שנַים מִקרא ואֶחד תּרגום" — צוויי מאָל דעם לשון־קודשן אָריגינאַל און איין מאָל דעם תרגום. פֿרומע ייִדן זאָגן נאָך בײַ הײַנטיקן טאָג אַלע שבת די סֶדרה פֿון דער וואָך צוויי מאָל אויף לשון־קודש און איין מאָל אויף תּרגום, כאָטש הײַנט ריידן שוין ייִדן לאַנג ניט אויף אַרמיש און „תּרגום־לשון" פֿאַרשטייט אַ ייִד פֿון אַ גאַנץ יאָר נאָך ווינציקער ווי העברעיִש.[1] אַדרבא, ווען אַ ייִד זאָגט: „וואָס רעדסטו עפּעס תּרגום־לשון?", מיינט ער דווקא: וואָס רעדסטו אַזעלכע אומפֿאַרשטענדלעכע רייד.

דער ערשטער פּסוק פֿון בראשית
אויף לשון־קודש און אויף אַרמיש

| |
|---|
| בְּרֵאשִׁית בָּרָא אֱלֹהִים אֵת הַשָּׁמַיִם וְאֵת הָאָרֶץ |
| בְּקַדְמִין בְּרָא יְיָ יָת שְׁמַיָּא וְיָת אַרְעָא |

---

[1] פֿון גמרא זײַנען אין ייִדיש אַרײַן היפּש ווערטער. זיי גייען אונטערן נאָמען „העברעיִזמען", אָבער אין דער אמתן קומען זיי ניט פֿון העברעיִש, נאָר פֿון אַרמיש. אָט האָט איר עטלעכע: אַגבֿ־אורחא, אַדרבא, בית־עלמין, דהײַנו, דווקא, הלוואַי, הלמאַי, חבֿרותא, כּנופֿיא, מאַי־קאָ־משמע־לן, נפֿקא־מינה.

## דער אַרמישער אַלף־בית

דער אַרמישער אַלף־בית אינטערעסירט אונדז גאָר שטאַרק, וואָרעם — לאָמיר פּאַרלויפּן און אויסזאָגן — אונדזערע הײַנטיקע ייִדישע אותיות קומען טאַקע פֿון די אַרמים. ווי אַזוי, דאָס וועלן מיר זען אין דעם נאָענטסטן קאַפּיטל. דערווײַל לאָמיך דאָס זאָגן אויף איין פֿוס. די עלטסטע אַרמישע אײַנגעשריפֿטסן וואָס מען האָט ביז איצטער געפֿונען זײַנען בערך פֿון 8טן יאָרהונדערט פּ"ק, און די אותיות דאָרטן (זע געמעל 63) זײַנען גאַנץ נאָענט צו די אַלט־סעמיטישע. מיט אַ פֿינף־זעקס הונדערט יאָר שפּעטער האָט מען קענטיק אין גאַנץ פֿאָדער־אַזיע געשריבן בערך מיט איין טיפּ אַרמישע אותיות. דערנאָך אָבער, ווען די טעריטאָריע איז צעברעקלט געוואָרן פּאָליטיש, האָבן זיך געשאַפֿן באַזונדערע קולטור־קיבוצים אויך, האָט זיך די אַרמישע שריפֿט צעצווײַגט אין דרײַ באַזונדערע צווײַגן.

1) איין מין שריפֿט האָט זיך אַנטוויקלט בײַ די נבֿטים (נאַבאַטעער). תּחילת זײַנען דאָס געווען וואַנדערנדיקע שבֿטים וואָס האָבן געצויגן פֿון האַלבאינדזל סיני קיין צפֿון־אַראַביע און ווײַטער אין דעם לאַנד אויף מיזרח פֿון ירדן; שפּעטער האָבן זיי געשאַפֿן אַן אייגענע מלוכה, און מיט אַ הונדערט יאָר ביז קריסטוסן האָבן זיי אַפֿילו אײַנגענומען דמשׂק. דער רוימישער קייסער טראַיאַנוס האָט אין 2טן י"ה נ"ק געמאַכט די נבֿטישע מלוכה פֿאַר אַ רוימישער פּראָווינץ; אָבער זייער אייגענע הויכע קולטור האָט זיך געהאַלטן נאָך עטלעכע הונדערט יאָר. פֿון דער נבֿטישער שריפֿט איז אַרויסגעוואַקסן דער אַ ר אַ ב י ש ע ר אַלף־בית, און דעריבער האָבן מיר זיך פֿריִער געמעכטיקט

צו זאָגן, אַז די אַראַבער האָבן זייער אַלף־בית געגומען בײַ אַרמיש.

2) אַ צווייטן צווײַג פֿון דער אַרמישער שריפֿט געפֿינען מיר בײַ די קריסטן אין סיריע. ווען זיי האָבן זיך געשפּאָלטן אין פֿאַרשיידענע סעקטעס, האָט זיך יעטווידער סעקטע גענומען שרײַבן אויך אויף אַ באַזונדער שטייגער. מיר קענען זיך דאָ ניט אַרײַנלאָזן אין קיין פּרטים. לאָמיר זיך באַנוגענען מיט ברענגען אַ טשיקאַווע דוגמא פֿון אַ שריפֿט וואָס האָט זיך אויסגעפֿורעמט בײַ די מערבֿדיקע סיריער אָנהייבנדיק פֿון 8טן י״ה נ״ק.

סיריש

געמעל 59

גיט אַ קוק אויף געמעל 59. אין דער שורה גייען אותיות—דאָס איז קיין חידוש ניט. נאָר איבער די אותיות זעט איר סימנימלעך קליינע. דאָס זײַנען סימנים פֿאַר די וואָקאַלן. סיריש האָט מען געשריבן, פּונקט ווי אַלע אַנדערע סעמיטישע לשונות, מיט סאַמע קאָנסאָנאַנטישע אותיות. אויף צו באַצייכענען די וואָקאַלן האָט מען דאָ אויך, פּונקט ווי בײַ לשון־קודש און אַראַביש, צוגעטראַכט נקודות; נאָר אַנשטאָט ספּעציעלע סימנימלעך האָט מען גענומען ניצן גריכישע אותיות. די ערשטע, צווייטע, פֿערטע און פֿינפֿטע „נקודה״, גערעכנט פֿון רעכטס, איז אַ גריכישע גרויסהאַנטיקע אַלפֿאַ (A); די דריטע נקודה איז אַן עפּסילאָן (E), די זעקסטע איז אַן אָמיקראָן (O), די זיבעטע אַן עטאַ (H, אַרויסגערעדט אויפֿן נײַגריכישן שטייגער ווי i).

3) דער דריטער מין אַרמישע שריפֿט איז אונדזער העברעיִש־יִדישער אַלף־בית.

## די סעמיטישע מישפּחה

פון וואַנען נעמט זיך דער נאָמען „סעמיטיש״ פאַר די אַלע שפּראַכן וואָס מיר האָבן אין דעם קאַפּיטל אַרומ־געדעדט?

היינט, אַז מען זאָגט „סעמיטן״, מיינט מען דאָס רובֿ ייִדן, און „אַנטיסעמיט״ איז אַ שׂונא פון ייִדן. אָבער דער וואָס האָט דאָס וואָרט צוגעטראַכט האָט ניט געזוכט קיין נײַעם נאָמען פאַר ייִדן און פאַר שׂונאי־ישׂראל; ער איז אויסן געווען גאָר עפּעס אַנדערש.

באַשאַפן דאָס וואָרט סעמיטן האָט דער דײַטשער היסטאָריקער שלעצער אין יאָר 1781. אים איז געגאַנגען אין אויסגעפינען אַ נאָמען וואָס זאָל אים טויגן אויף אַרומ־צונעמען די עבֿרים, אַרמים, אַראַבער און עטיאָפּיער. האָט ער זיך דערמאָנט, אַז אין חומש בראשית קאַפּ׳ י ווערן געבראַכט נוחס דרײַ זין שם, חם און יפֿת, און בײַ יעדערן ווידער ווערן אָנגעוויזן זײַנע קינדער און קינדסקינדער. צווישן שמס זין, געפינען מיר דאָרטן, זײַנען געווען אַשור און אַרם; שמס אַן אייניקל איז געווען עבֿר — און עבֿרים איז דאָך דער עלטערער נאָמען פונעם ייִדישן פאָלק; ווי איינער פון עבֿרס צוויי זין ווערט דערמאָנט יקטן, וואָס לויט דער לעגענדע שטאַמען פון אים אָפּ אַראַבישע שבֿטים.

אין יענע אַלטע צײַטן, פון וועלכע עס וואַקסט דער תּנך, האָט מען ניט געוווּסט קיין אַנדער וועג אויסצומאָלן די קרובֿישאַפט צווישן פעלקער ווי נאָר דורך דערציילן, אַז זיי קומען אַרויס פון די זעלבע אָבֿות. דערבײַ האָט דער ספר בראשית צוגערעכנט די פעניקער (כּנען) צוזאַמען מיט

מיצרַים צו חמס זין — משמעות דערפֿאַר וואָס פֿעניקיע איז פּאָליטיש און קולטורעל געווען צונויפֿגעקניפּט מיט מיצרַים; פֿאַרקערט זײַנען אַנדערע פֿעלקער, וואָס ניט זיי אַליין און ניט זייערע שפּראַכן האָבן ניט געהאַט קיין שײַכות צו די סעמיטן, דווקא צוגערעכנט צו די בני־שם. אָבער דאָס איז ניט פֿון די גרויסע זאַכן; דער עיקר איז, וואָס שלעצער האָט דאָ געפֿונען אַ געראָטענעם קורצן כּולל־דיקן נאָמען: בני־שם, סעמיטן. און דער נאָמען האָט זיך אײַנגעבירגערט און איז געבליבן ביז הײַנטיקן טאָג.

געדענקען דאַרף מען נאָר, אַז די הײַנטיקע וויסנשאַפֿט האַלט שוין ניט, אַז אָפּשטאַם, פֿאָלק און שפּראַך זײַנען אַזוי פֿעסט געבונדן צווישן זיך.

## ראַסע, פֿאָלק, שפּראַך

אין איין פֿאָלק גופֿא, ווייסן מיר שוין הײַנט, האָבן זיך געקענט צונויפֿגיסן מענטשן פֿון גאָר אַ פֿאַרשיידענעם אָפּשטאַם (אָדער, ווי מען רופֿט עס אַנדערש, פֿון פֿאַרשיידענע „ראַסעס"). אַלע פֿעלקער פֿון אייראָפּע האָבן זיך צונויפֿגעגאָסן פֿון גאַנץ פֿאַרשיידענע ראַסעס, און דערפֿאַר געפֿינט מען בײַם זעלביקן פֿאָלק בלאָנדע און ברונעטע, ווזקיקע און נידעריקע, לאַנגשאַרבנדיקע און קורצשאַרבנדיקע. אײַ ווי אַזוי האָבן זיי זיך פֿאָרט צונויפֿגעגאָסן אין איינעם? דורך דעם וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט אין איינעם זייער געשיכטע. פֿאָלק איז אַ קיבוץ וואָס שאַפֿט זיך ניט דורך אינאײנעמדיקן אָפּשטאַם, נאָר דורך אינאײנעמדיקע היסטאָרישע איבערלעבונגען.

ווײַטער: דאָס וואָס צוויי פֿעלקער האָבן ענלעכע שפּראַכן איז נאָך קיין סימן ניט, אַז די פֿעלקער זײַנען צווישן זיך קרובֿים לויטן אָפּשטאַם. אָט האָבן מיר געזען, ווי אַרמיש האָט זיך אויסגעשפּרייט און איז געוואָרן די ריידשפּראַך בײַ פֿאַרשיידענע פֿעלקער, וואָס צווישן זיי זײַנען געווען ניט־סעמיטישע פֿעלקער אויך. די גריכישע שפּראַך מיט העכער צוויי טויזנט יאָר צוריק האָט פֿאַרנומען גרויסע טיילן פֿאָדער־אַזיע, און צווישן די פֿעלקער וואָס האָבן איבערגענומען גריכיש זײַנען געווען אַזוינע, וואָס לויטן אָפּשטאַם האָבן זיי זיך מיט די גריכן גאָרניט אָנגעקערט. ווען די רוימער האָבן מיט עטלעכע הונדערט יאָר שפּעטער פֿאַרנומען גרויסע שטיקער מערבֿ־אייראָפּע, זײַנען אויפֿגעקומען „ראָמאַנישע" פֿעלקער, וואָס מערניט זייער שפּראַך שטאַמט פֿון רוים, ניט זיי אַליין.

אָט אַ שטייגער די פֿראַנצויזן. לויט זייער אָפּשטאַם זײַנען זיי גאָר קעלטן און גערמאַנער (פֿראַנקן). נאָר ווען די רוימער האָבן פֿאַרנומען גאַליע, די טעריטאָריע פֿון הײַנטיקן פֿראַנקרײַך, האָבן די אַלט־געזעסענע איבער־גענומען די רוימישע (=לאַטײַנישע) שפּראַך פֿון די אײַנ־נעמערס און זי צו ביסלעך איבערגעאַנדערשט. דאָס אייגענע איז געשען אין שפּאַניע, אין רומעניע. דעריבער מעג מען ריידן, אויב מען וויל זײַן פּינקטלעך, נאָר וועגן ראָמאַנישע שפּראַכן, ניט וועגן ראָמאַנישע פֿעלקער. פֿראַנצייזיש און רומעניש זײַנען געוויס קרובֿים צווישן זיך, אָבער פֿראַנצויזן און רומענער — דאָס איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש. די בולגאַרן זײַנען גאָר אין אַ גרויסן טייל פֿון דער טורקישער גזע, קרובֿים מיט די טערקן און טאָטערן, נאָר

זייער שפּראַך איז אַ ס ל אַ װ י ש ע. אָדער נעמט אונדזער ייִדישע שפּראַך. זי איז אױפֿגעקומען אין מיטל־עלטער, װען היפּשע מאַסן ייִדן זײַנען געזעסן אין די דײַטשע לענדער. װאָס װײַטער האָט זיך ייִדיש אַלץ מער אָפּגעטײלט פֿון דײַטש, איטלעכע פֿון די בײדע שפּראַכן האָט הײַנט איר באַזונדערן כאַראַקטער און איר באַזונדערן חן, אָבער אַלץ זײַנען די ייִדישע שפּראַך און די דײַטשע נאָענטע קרובֿים צװישן זיך. נאָר דאָס ייִדישע פֿאָלק איז מיטן דײַטשן פֿאָלק ניט מער מחותּן אײדער מיט די פֿראַנצױזן אָדער מיט די איטאַליענער אָדער מיט די שפּאַניער.

און צום סוף אַ דריטער פּונקט, װאָס ער איז שױן שײך גלײַך צו אונדזער טעמע שריפֿט: אויב צװײ שפּראַכן װערן געשריבן מיט דעם זעלביקן אַלף־בית, איז נאָך דערפֿון ניט געדרונגען, אַז זײ זײַנען מישפּחה צװישן זיך; אַ ראַיה לאַטײַן און טערקיש, דײַטש און אונגעריש. אױב װידער זײ שרײַבן זיך מיט פֿאַרשײדענע אַלף־ביתן, איז נאָך קײן סימן ניט, אַז זײ קערן זיך נ י ט אָן קײן קרובֿים; אַ ראַיה ייִדיש און דײַטש, פּויליש און רוסיש. פּרוּװט זיך דערמאָנען, װיפֿל מאָל מיר האָבן זיך באַגעגנט מיטן פֿאַקט, אַז אַ פֿאָלק האָט איבערגענומען בײַ אַ צװײטן פֿאָלק זײַן שרײַבסיסטעם, אָדער געביטן זײַן שרײַבסיסטעם, װעט איר זען, אַז קרובֿישאַפֿט פֿון פֿ ע ל ק ע ר איז אײנס, קרובֿישאַפֿט פֿון ש פּ ר אַ כ ן איז עפּעס אַנדערש און קרובֿישאַפֿט פֿון ש ר י פֿ ט איז װײַטער אַ באַזונדער זאַך.

## X. אונדזער ייִדישער אַלף-בית

### סעמיטישע שפּראַכן און סעמיטישע שריפֿטן

אויב איר האָט געלייענט מיט קאָפּ דאָס וואָס עס שטייט אין די פֿריִערדיקע צוויי קאַפּיטלעך, וועט איר געוויס גרינג באַנעמען די ביידע סכעמעס וואָס גייען איצטער. זשאַלעוועט ניט דאָס ביסל מי וואָס מען דאַרף נאָך צולייגן אויף צו פֿאַרשטיין דעם עיִנין ביזן גרונט.

די ערשטע סכעמע קומט צו ווײַזן די פֿאַרבינדונג צווישן די סעמיטישע שפּראַכן.

**די סעמיטישע שפּראַכן**



די צווייטע סכעמע דאַרף אונדז אילוסטרירן דעם גראַד קרובֿישאַפֿט צווישן די פֿאַרשיידענע סעמיטישע שריפֿטן. מיר כאַפּן זיך באַלד, אַז דאָ וועט אַרויסקומען אַן אַנדער בילד. די אַשוריש־בבֿלישע פֿלעקלשריפֿט נעמען מיר אין גאַנצן ניט אַריַין אין קאָן, וואָרעם דאָס איז דאָך געווען, ווייסן מיר, אַ שריַיבסיסטעם וואָס איז אַריבער־גענומען געוואָרן צו די מיזרח־סעמיטן (די בבֿלים און אַשורים) פֿון דער ניט־סעמיטישער שפּראַך סומעריש. אַראַביש ווידער, האָבן מיר שוין געהערט, שריַיבט זיך ניט מיט קיין דרום־סעמיטישע שריַיבצייכנס (הגם די אַראַבער גופֿא זיַינען יאָ אַ דרום־סעמיטיש פֿאָלק), נאָר מיט אותיות וואָס וואַקסן פֿון דעם אַרמישן אַלף־בית. און איצטער דאָס וויכטיקסטע פֿאַר אונדז, וואָס וועגן דעם וועלן מיר באַלד ריידן מיט אַ סך מער פּרטים: אונדזער איצטיקער העברעיִש־יִידישער אַלף־בית איז ניט דער אַלט־העברעיִשער, נאָר ער וואַקסט אויך פֿון אַרמישן כּתבֿ.

ממילא זעט אויס אונדזער צווייטע סכעמע אַזוי:



## אַלט־סעמיטישע און אַלט־העברעיִשע שריפֿט

דער סאַרקאָפֿאַג פֿון פֿעניקישן מלך אַחירם אין ביבלאָס, וואָס די אויפֿשריפֿט אויף אים איז אַלט בײַ 3200 יאָר, רעכנט זיך הײַנט פֿאַר דעם עלטסטן אַלט־סעמיטישן טעקסט; קיין עלטערס האָט מען נאָך לעת־עתּה ניט געפֿונען. דער שטיין פֿון מֵישע מלך מואָבֿ איז מיט אַ פֿיר הונדערט יאָר ייִנגער, אָבער 2800 יאָר איז אויך אַ גאַנץ בכּבֿודיקע עלטער. מיר האָבן שוין פֿאַרצייכנט, אַז צווישן די אותיות פֿון דיביידע מאָנומענטן איז כּמעט קיין נפֿקא־מינה ניטאָ. אויב איר ווילט האָבן דעם סימן, טאָ מישט אויף געמעל 53 און פֿאַרגלײַכט די אותיות פֿונעם סאַרקאָפֿאַג מיט די אותיות פֿון די ערשטע צוויי סלופֿיקלעך אויף געמעל 63. נעמט פֿריִער דאָס ערשטע סלופֿיקל, ווו ס'שטייט „אַלט־פֿעניקיש"; דאָ האָט איר אותיות פֿון גע־שריפֿטסן וואָס זײַנען מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר ייִנגער פֿונעם אַחירם־טעקסט. געוויס, קליינע אונטערשיידן זײַנען פֿאַראַן: אַ שטייגער דאָס שטעקעלע פֿון גימל גייט אויף אַחירמס סאַרקאָפֿאַג (זע אין דער צווייטער שורה) כּמעט גלײַך אַראָפּ, ניט אָנגעבויגענערהייט; דער וואָוו (דער ערשטער אות אין דער צווייטער שורה) האָט ניט אינעם אַחירם־טעקסט קיין העקעלע וואָס זאָל זיך אונטן פֿאַר־קערעווען אויף לינקס. אָבער דאָס האָט אַלץ קיין ווערדע ניט אַנטקעגן דעם, ווי שטאַרק אַלע אותיות זײַנען יאָ געגליכן צווישן זיך. מען קען זאָגן, אַז דער חילוק איז אפֿשר ניט קיין גרעסערער ווי פֿונעם כּתבֿ פֿון איין מענטשן ביזן כּתבֿ פֿון אַ צווייטן מענטשן.

נעמען מיר צוגלײַכן דעם אַלט־פֿעניקישן אַלף־בית צו די אותיות וואָס מיר געפֿינען אויפֿן מֵישע־שטיין, איז ווידער אַ מאָל דאָס אײגענע: קלײנע אונטערשײדן זײַנען פֿאַראַן, אָבער זײ האָבן גאָר אַ קנאַפּע ווערדע. אין גרונט זײַנען דאָס די זעלביקע אותיות.

לאָמיר זיך דערמאָנען, אַז פֿעניקיש איז אויך אַ סעמיטישע שפּראַך, אַ נאָענטע צו העברעיִש, אָבער פֿאָרט ניט דאָס אײגענע. די אויפֿשריפֿט אויפֿן שטײן פֿון מֵישע מלך מואב איז אויף אַזוי פֿיל נאָענט צום לשון פֿון תּנך, אַז עס דוכט זיך, ווי מען וואָלט געלײענט דעם ספֿר מלכים; האָבן מיר די צײכנס פֿון מֵישע־שטײן אָנגערופֿן מיטן נאָמען „אַלט־העברעיִש". פֿון דעסט וועגן אין גאַנצן די ריכטיקײט איז דאָס ניט: אין דער אמתן איז דאָך דאָס מואביש. אָבער די עלטסטע רײן העברעיִשע צײכנס זײַנען אויך אין גרונט די זעלביקע, ווי מען קען זען אויף געמעל 62. דאָס איז אַ רעפּראָדוקציע פֿון דעם אַזוי גערופֿענעם שילוח־טאָוול.



געמעל 62

אין ספר מלכים ב קאַפּ׳ כ פסוק כ ווערט דערציילט, אַז דער קיניג חזקיָהו — ער האָט געקיניגט פון 722 ביז 699 פ״ק — „האָט געמאַכט דעם טײַך און דעם גראָבן און אַרײַנגעבראַכט וואַסער אין שטאָט״. חזקיהו האָט געלאָזט אויסגראָבן אַ טונעל פון העכער 500 מעטער די לענג, וואָס דורך אים האָט דאָס וואַסער פון דער שילוח־סאַזשלקע געדאַרפט צוקומען גלײַך אין דער שטאָט ירושלים אַרײַן. אין יאָר 1880 האָט מען בײַ גראָבונגען אין ירושלים אָפּגעדעקט דעם טונעל וואָס איז לאַנג געווען פאַרשאָטן, און אין וואַנט פון טונעל, אַ 5–6 מעטער פון זײַן סוף, האָט מען געפונען דעם שטיינערנעם טאָוול וואָס איז געוויזן אויף געמעל 62. מיט דעם טאָוול זײַנען אויך, פונקט ווי מיטן מישע־שטיין, געווען מעשׂיות: מען האָט אים געפּרוּווט גנבֿענען, דערבײַ איז ער צעבראָכן געוואָרן, און מען זאָגט נאָך אַ דאַנק, וואָס מען האָט דאָס ווי עס איז (הגם לעכער זײַנען געבליבן) געקענט צונויפקלעפּן. דער אָריגינאַל געפינט זיך אין איסטאַנבולער מוזיי, קאָפּיעס זײַנען פאַראַן אין עטלעכע אייראָפּעיִשע שטעט.[1]

ווען ניט די לעכער און די צעשעדיקונגען, וואָלט מען געוויס געקענט איבערלייענען דעם שילוח־אײַנ־געשריפטס ביזן לעצטן פינטל. אָבער אַפילו איצט איז דער פשט קלאָר אין גאַנצן. עס ווערט דערציילט, אַז מען האָט געגראָבן פון ביידע זײַטן, און ווען די שטיינהאַקערס זײַנען צוגעקומען איינע צו די אַנדערע אויף דרײַ איילן, האָט מען שוין געהערט שטימען דורך די פעלדזן. און ווען האַק

[1] איסטאַנבול איז איצט דער אָפיציעלער נאָמען פון דער שטאָט קאָנסטאַנטינאָפּאָל; אַנדערש רופט מען זי נאָך סטאַמבול.

האָט זיך געטראָפֿן מיט האַק, „האָט אַ גיי געטאָן דאָס וואַסער פֿונעם אַרויסגאַנג צו דער סאַזשלקע אויף צוויי הונדערט און טויזנט איילן.״ אָט דער לעצטער זאַץ לייענט זיך אין אָריגינאַל, ווען מען שרײַבט דאָס איבער מיט אונדזערע הײַנטיקע אותיות און מיט נקודות: [וַ]יֵּלְכוּ הַמַּיִם מִן הַמּוֹצָא אֶל הַבְּרֵכָה בְּמָאתַיִ[ם וְ]אֶלֶף אַמָּה; איר געפֿינט די ווערטער אין דער פֿערטער שורה (דאָס לעצטע וואָרט און אין דער פֿינפֿטער.[1] 1200 איילן באַטרעפֿט אַן ערך 500 מעטער.

אין יאָר 1935 האָט אַן אַרכעאָלאָגישע עקספּעדיציע אויסגעגראָבן אין דרום פֿון ארץ־ישׂראל, בערך אין מיטן וועג צווישן עזה און חבֿרון, די חורבֿות פֿון דער שטאָט לָכיש וואָס ווערט דערמאָנט עטלעכע מאָל אין תּנך (אין יהושוע, מלכים ב, ירמיה אאַז״וו). דאָרטן האָט מען געפֿונען 18 ליימענע שערבלעך, וואָס אויף זיי זײַנען מיט טינט אָנגעשריבן אין אַלט־העברעיִשע אותיות בריוו — אין איינעם אַ וואָסערע 90 שורות. געשריבן זײַנען די בריוו מיסתּמא זומער 589 פֿ״ק, דאָס הייסט מיט דרײַ יאָר פֿאַרן חורבן פֿון ערשטן בית־המיקדש. קענערס זאָגן, אַז די טעקסטן זײַנען וויכטיק ביז גאָר לויט זייער שפּראַך און לאָזן זיך גלײַכן אין חשיבֿות צום מישע־שטיין און צום שילוח־טאָוול.

## העברעיִשע און אַראַמישע שריפֿט

ווייסן מיר שוין הייסט עס, אַז — אַראָפּגערעכנט ניט קיין שטאַרק אָנזיכטיקע אונטערשיידן — איז אַלט־סעמיטישע

[1] די אותיות וואָס שטייען דאָ אין קאַנטיקע דיגלען קאָן מען אויפֿן טאָוול ניט איבערלייענען, זיי זײַנען אָפּגעריבן; נאָר די פֿאָרשערס זײַנען זיכער, אַז מען דאַרף לייענען אַזוי ווי דאָ שטייט.

שריפֿט און אַלט־העברעיִשע אַלץ איינס. נאָר פֿאַר וואָס מוזן מיר זאָגן אַלט־העברעיִשע? פֿאַר וואָס מוז מען די ווערטער פֿון דעם שילוח־אײַנגעשריפֿטס איבערשרײַבן מיט אונדזערע הײַנטיקע אותיות, כּדי אונדזער איינער זאָל דאָס קענען איבערלייענען?

דערפֿאַר ווײַל מיר ניצן שוין הײַנט ניט דעם אַלט־העברעיִשן אַלף־בית, נאָר אַן אַנדערן, גענומען מִן־הצַד.

מיר שרײַבן הײַנט מיט אַרמישע אותיות. פֿריִער איז שוין געקומען צו רייד, אַז די אַרמישע שפּראַך האָט צו ביסלעך אײַנגענומען גאַנץ פֿאָדער־אַזיע; און אין איינעם מיט דער שפּראַך איז געגאַנגען די שריפֿט אויך. די גמרא ברענגט, אַז עזרא הסופֿר האָט אײַנגעפֿירט בײַ יִידן דעם „כּתָבֿ אַשורי".[1] עזרא הסופֿר, וואָס ער האָט מיטן רשות פֿון פּערסישן קיניג צוריקגעפֿירט יִידן פֿון בבֿל קיין ירושלים, האָט געלעבט אין 5טן יאָרהונדערט פֿאַר דער איצט אָנגענומענער צײַט־רעכענונג, און מען דאַרף משער זײַן, אַז אויב אַפֿילו ניט ער ממש האָט דורכגעפֿירט די רעפֿאָרם, האָט אָבער בערך אין יענער תּקופֿה דער אַרמישער אַלף־בית אַרויסגעשטופּט די אַלט־העברעיִשע אותיות.[2]

---

[1] אַזוי ווי די אַרמים האָבן פֿאַרנומען די טעריטאָריע פֿון אשור, האָט מען די אַרמישע אותיות אָנגערופֿן מיטן נאָמען אַשוריש (זע אויך די הערה אויף ז׳ 141). עס איז די זעלבע זאַך ווי מען רופֿט הײַנט אונדזערע אותיות העברעיִשע אָדער יִידישע; ס׳איז ניט קיין גרײַז, אָבער ס׳איז היסטאָריש ניט אין גאַנצן פּינקטלעך אויך.

[2] ביזן הײַנטיקן טאָג האָט זיך אויפֿגעהיט אַ מין אַלט־העברעיִשער כּתבֿ בײַ דער קליינער עֵדה שומרונים, וואָס אַרום און אַרום לעבן נאָך פֿון זיי קנאַפּע צוויי הונדערט נפֿשות; זיי זיצן אין גאַנצן איזאָלירטע, פֿרעמד צו יִידן און פֿרעמד צו די אַרומיקע אַראַבער, אין געגנט פֿון דער אַלטער שטאָט שכֶם. דעם אַלף־בית פֿון די שומרונים האָבן די אייראָפּעיִשע געלערנטע געקענט לאַנג איידער מען האָט אויסגעגראָבן די אַלט־פֿעניקישע שריפֿט.

הייסט עס אַ קימאַ־לָן פֿון אַ וואַסערע דריטהאַלבן טויזנט יאָר. אונדזערע „גאַר אייגענע״ אַלט־העברעיִשע אותיות האָבן מיר ניט גענוצט אַפֿילו אַ העלפֿט פֿון דער צײַט. אונדזער גאַנצע געשיכטע כמעט האָבן מיר אַדורכ־געמאַכט מיט די אַרמישע אותיות, מיט אונדזער „כּתיבֿה״. דערפֿאַר האָט זיך געקאָנט מאַכן, אַז די „פֿרעמדע״ שריפֿט זאָל ווערן בײַ ייִדן פֿאַרהייליקט און דאָס זאָל דערגיין אַזוי ווײַט, אַז אַ פֿרומער ייִד וועט אַפֿילו אַ „שמע״, אַן אָפּגעריסן בלעטל פֿון אַ ספֿר, ניט אַוועקוואַרפֿן, נאָר מען מוז עס ברענגען צו קבֿורה אויפֿן בית־עלמין.

געמעל 63 ווײַזט אונדז באַשיידלעך און פּרטימדיק דאָס וואָס מיר האָבן נאָך פֿריִער געזאָגט אין אַלגעמיין וועגן דער נאָענטער שײַכות צווישן דער אַלט־סעמיטישער שריפֿט און דער אַרמישער. פֿון אונדזערע הײַנטיקע אותיות ביז די אַלט־סעמיטישע איז טאַקע פֿאַלג מיך אַ גאַנג. אָבער נעמט זיך אַ ביסל צײַט און קוקט זיך פֿריִער אײַן אין דעם סלופּיקל „אַלט־אַרמיש״, וואַרפֿנדיק בײַ יעטווידער אות אַ בליק אויף רעכטס, צו אַלט־פֿעניקיש און אַלט־העברעיִש. ווען איר וועט זײַן דערמיט פֿאַרטיק, וועט איר וויסן, אַז דער אַלט־אַרמישער אַלף־בית (אַרויסגענומען פֿון אײַנגעשריפֿטסן פֿון 8טן י״ה פּ״ק) איז אויך אַ סעמיטישער אַלף־בית: אין גרונט זײַנען עס די זעלביקע אותיות.

איצטער גייט ווײַטער. גלײַכט צו דאָס סלופּיקל „אַלט־אַרמיש״ צום סלופּיקל „אַרמיש״, ווו איר געפֿינט אותיות אַרויסגענומענע פֿון אײַנגעשריפֿטסן פֿון 5טן ביזן 3טן יאָרהונדערט פּ״ק. אות פֿאַר אות קענען מיר זען די

## פֿון סעמיטישע אותיות צו אונדזערע יידישע אותיות

| | אַלט-פֿעניקיש | אַלט-העברעיִש (מישע) | אַלט-אַראַמיש | אַראַמיש | I–IV י״ה | תלמודישע צײַט |
|---|---|---|---|---|---|---|
| א | | | | | | |
| ב | | | | | | |
| ג | | | | | | |
| ד | | | | | | |
| ה | | | | | | |
| ו | | | | | | |
| ז | | | | | | |
| ח | | | | | | |
| ט | | | | | | |
| י | | | | | | |
| כ | | | | | | |
| ל | | | | | | |
| מ | | | | | | |
| נ | | | | | | |
| ס | | | | | | |
| ע | | | | | | |
| פּ | | | | | | |
| צ | | | | | | |
| ק | | | | | | |
| ר | | | | | | |
| ש | | | | | | |
| ת | | | | | | |

געמעל 63

עוואָלוציע פֿון דער אַלטער פֿאָרם צו דער ייִנגערער; און פֿאַר איינס קענען מיר שוין אין אָט די אַראַמישע

צייכנס דערקענען דעם פּראָטאָטיפּ פֿון אונדזער הײַנטיקן אַלף־בית.

די אויפֿגעהיטע אײַנגעשריפֿטסן אין ארץ־ישׂראל זאָגן אונדז עדות אויף אַ זאַך וואָס דער שׂכל וואָלט לכתחילה אונטערגעזאָגט: אַז די אַלט־העברעיִשע אותיות זײַנען ניט מיט איין קלאַפּ אָפּגעשטאָרבן, נאָר אַ היפּשע צײַט, דורך גאַנצע הונדערטער יאָרן, האָבן ייִדן געניצטביידע אַלף־ביתן. אויף די מטבעות וואָס מען האָט געשלאָגן אין דער צײַט פֿון די חשמונאָים, אין 2טן י״ה פּ״ק, געפֿינען מיר ווײַטער די אַלט־העברעיִשע אותיות, כאָטש ס׳איז שוין געווען אַ דרײַ הונדערט יאָר נאָך עזראן און די רייד־שפּראַך בײַ ייִדן איז שוין יעמאָלט געווען אַרמיש. פֿאַר וואָס האָבן די חשמונאָים אַזוי געטאָן? מען דאַרף משער זײַן, אַז זיי האָבן בכיוון אָפּגעלעבט די אַלטע




אַ שֶקל, געשלאָגן פֿון שמעון המַכבי אין צווייטן יאָר פֿון זײַן געוועלטיקן. רעכטס לייענט זיך דער טעקסט: „ירושלים הקדושה״, לינקס: „שקל ישראל ש [דאָס מאַכט: שנת] ב״.

געמעל 64

נאַציאָנאַלע שריפֿט, כּדי צו וועקן דאָס געדעכעניש פֿון יענע צײַטן, ווען ייִדן האָבן נאָך געהאַט אַן אייגענע מלוכה. דאָס נעמלעכע האָט זיך איבערגעחזרט מיט אַ דריטהאַלבן הונדערט יאָר שפּעטער, אין בר־כּוכבֿאס אויפֿשטאַנד; משמעות, אַז די ייִדישע פּאָליטישע פֿירערס האָבן נאָך

געקוקט ווי אויף עפּעס פֿרעמדס אויף די געכתבֿ'הטע אותיות, פֿאַר וועלכע יִדן זײַנען אין מיטל־עלטער געגאַנגען אויף די שײַטער־הויפֿנס פֿון דער אינקוויזיציע.

איצטער איז די צײַט, מיר זאָלן זיך אײַנקוקן אין די לעצטע צוויי סלופּיקלעך פֿון געמעל 63. ווידער לאָמיר פֿאַרלויפֿן דעם וועג און קוקן פֿרִיער די לעצטע קעסטלעך, ווו עס שטייען די אותיות פֿון דער תּלמודישער צײַט, ד״ה פֿון אַ פֿופֿצן הונדערט יאָר צוריק. דער צוק פֿון די אותיות איז געוויינטלעך אַ ביסל אַן אַנדערער ווי הײַנט אין אונדזער דרוקשריפֿט, נאָר קיין שום פּירוש, קיין שום פֿאַרגרינגערונג דאַרף מען שוין ניט; אַלץ איז אָנזיכטיק קלאָר. נו, און ווי גרויס איז שוין דער מהלך פֿון אָט דעם לעצטן סלופּיקל צום איינס פֿאַרן לעצטן? גאָר אַ קנאַפּער. דער ב זעט נאָך אויס אויף טייל אײַנגעשריפֿטסן אַ ביסל ווי אַ למד, דער ה ווי אַ חית, דער קוף ווי אַ רוסישער Г אָדער אַ לאַטײַנישער P. אָבער אין איינע דרײַ מינוט קען מען זיך צוגעוויינען צו יענעם שניט אותיות און זיי לייענען אָן שום שטער. פּרוווט דאָס אויס אויף געמעל 65. דאָס איז אַן אויפֿשריפֿט אויף אַ שול וואָס מען האָט אויסגעגראָבן אין צפֿון פֿון ארץ־ישׂראל, אין דער פּראָווינץ גָליל, אין כּפֿר־בִּרים; די שול (און ממילא די אויפֿשריפֿט) איז אַלט אַ זעכצן הונדערט, און אפֿשר די גאַנצע זיבעצן הונדערט יאָר. ווי



יהי שלום במקום היה ובכל מקומות ישראל

געמעל 65

אָנגעמאָסטן אויף היינט איז דער טעקסט: „זאָל זײַן שלום אין דעם אָרט און אין אַלע ערטער פֿון ייִדן!"

איצטער האָבן מיר פֿאַר זיך דעם וועג וואָס דער ייִדישער אַלף־בית האָט אַדורכגעשפּרײַזט פֿון די עלטסטע אײַנגעשריפֿטסן ביז אונדזער הײַנטיקער דרוקשריפֿט וואָס איז באַוווּסט אונטערן נאָמען: געכתיבֿהטע אותיות. אַלץ וואָס עס גייט נאָך דעם: די ייִדישע שרײַבשריפֿט פֿון מיטל־עלטער, די רשי־שריפֿט, אונדזערע הײַנטיקע אותיות — דאָס איז שוין גרינג צו כאַפּן. קומען מיר שוין צו, הייסט עס, צום סוף פֿון אונדזער לאַנגן וועג. אָבער פֿריִער נאָך אַ וואָרט וועגן די

## וואָקאַלן־צייכנס

לכתחילה האָבן די סעמיטן, סײַ אין דעם אַלט־סעמיטישן, סײַ אין דעם אַרמישן אַלף־בית, געהאַט סאַמע קאָנסאָנאַנטן. קיין וואָקאַלן האָט מען ניט געשריבן, אויף די וואָקאַלן האָט מען זיך געדאַרפֿט אָנשטויסן.

אין די עלטערע אײַנגעשריפֿטסן וואָס זײַנען צו אונדז דערגאַנגען איז מען אַפֿילו זייער קאַרג אויף די אותיות אהוי וואָס קענען אַ ביסל פֿאַרגרינגערן דאָס לייענען. אויפֿן מישע־שטיין געפֿינען מיר: מאב (=מואבֿ), הא (=הוא), בת (=בית, די סמיכות־פֿאָרם פֿון בית). אויפֿן שילוח־טאָוול שטייט אש (=איש), חצבם (=חוצבֿים), קל (=קול). אין די טעקסטן פֿון לכיש געפֿינט מען ים (=יום), עת (=עתה). אָבער אַז מען האָט שוין אָט די אותיות אהוי יאָ פֿעסט אײַנגעפֿירט, איז נאָך אַלץ געבליבן גענוג אומקלאָרקייט.

אין משך פֿון דער צײַט האָבן זיך די פֿאַרשיידענע סעמיטישע לשונות אַן עצה געגעבן אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים. די עטיאָפּישע שריפֿט (געעז) האָט אײַנגעפֿירט וואָקאַלן־צייכנס צוגעפּעסטיקטע צום קאָנסאָנאַנטן־אות; הייסט עס יעטווידער קאָנסאָנאַנט האָט אַזוי פֿיל פֿאַר־שיידענע פֿאָרמען, וויפֿל ס׳זײַנען פֿאַראַן וואָקאַלן. העברעיִש, סיריש, אַראַביש האָבן אויסגעאַרבעט אַ סיסטעם צוגאָב־צייכנס. די ערשטע וואָס זײַנען אַוועק אויף דעם וועג זײַנען קענטיק געוועזן די סיריער; די קריסטלעכע מערבֿ־סיריער, האָבן מיר געזען, האָבן פּשוט געניצט די גריכישע וואָקאַלן־צייכנס.

## נקודות אין העברעיִש

די אותיות אהוי רופֿט מען אין דער העברעיִשער גראַמאַטיק „אִמות הקריאה"—די מוטערס פֿון לייענען. אַ בעל־דיִקדוק[1] פֿון מיטל־עלטער גיט צו פֿאַרשטיין, אַז דער נאָמען האָט זיך גענומען דערפֿון וואָס „מען קען ניט אַרויסריידן ניט קיין וואָרט און ניט קיין אות אָן איינעם פֿון די דאָזיקע אותיות." קאָנסאָנאַנטן אָן וואָקאַלן, מיינט ער צו זאָגן, לאָזן זיך ניט אַרויסריידן. די שרײַבונג מיט די „לייען־מוטערס", אַ שטייגער: קום, קולות, קהילה, רופֿט מען: געשריבן מָלֵא (פֿול); קם, קלת, קהלה רופֿט מען: געשריבן חָסֵר (פֿעלנדיק).

---

[1] דיִקדוק איז דער טראַדיציאָנעלער נאָמען פֿאַר דער העברעיִשער גראַמאַטיק. ס׳איז פֿונעם שורש דַק — דין, דַקדֵק — שטאַרק זיך אײַנקוקן; אויף יידיש זאָגט מען אויך: מדַקדֵק זײַן — פּינקטלעך אכטונג געבן, שטרענג אָפּהיטן.

אָבער די דאָזיקע ערשטע באַצייכענונגען פֿון וואָקאַלן האָבן ניט געקלעקט, האָט מען זיך אין העברעיִש אויך געשאַפֿן אַ סיסטעם נקודות. אַ סבֿרא, אַז סיריש איז דאָ געווען דער מוסטער.

אין העברעיִש איז דער עיִנין נקודות (נקודה איז דער טײַטש: „פּינטל") אַלט אַ וואָסערע צוועלף־דרײַצן הונדערט יאָר.

כּל־זמן העברעיִש איז געווען אַ גערעדטע שפּראַך, איז נאָך געווען ווי עס איז, וואָרעם די ריכטיקע אויס־שפּראַך פֿון די טעקסטן האָט געקענט אַריבערגיין פֿון מויל צו מויל; אָבער שפּעטער, ווען העברעיִש איז שוין געווען מערניט די שפּראַך פֿון לערנען, פֿון די הייליקע ספֿרים, איז געוואָרן ספּעציעל וויכטיק אײַנצושטעלן אַ ריכטיקן און אַן איינהייטלעכן טעקסט פֿון דער תּורה. אָט די אַרבעט פֿון אײַנשטעלן די מסורה האָט אָנגעהויבן רבי עקיבֿא וואָס איז געשטאָרבן אין יאָר 175 נ"ק, און געצויגן האָט זי זיך בײַ טויזנט יאָר. ביז סוף 3טן י"ה איז דער צענטער פֿון לערנען געווען ארץ־ישׂראל, דערנאָך האָבן זיך אַרויסגעהויבן אויף אַ פֿיר הונדערט יאָר די ישיבֿות פֿון בבֿל. אין 7טן י"ה, מיטן ניצחון פֿון איסלאַם, נעמט זיך צוריק הייבן ארץ־ישׂראל; אין 8טן — 9טן י"ה שטעלן זיך אַוועק אויבן אָן די לערנערס פֿון דער שטאָט טבֿריה, און עס בלײַבט שוין אַזוי, אַז מיט זיי רעכנט מען זיך צום מערסטן. די ישיבֿות פֿון בבֿל נעמען גיין באַרג אַראָפּ אָנהייבנדיק פֿון 10טן י"ה, און דעריבער איז געבליבן אַזוי ווי טבֿריה האָט אײַנגעשטעלט — סײַ אין דער וואָקאַליזירונג גופֿא, סײַ אין דעם גאַנג פֿון שטעלן דעם ניקוד.

די עלטסטע סיסטעם ניקוד איז אַ פּנים געווען אַזאַ אַז מען פֿלעגט שטעלן אָדער אַ פּינטל איבערן אות, אָדער אַ פּינטל אונטערן אות. דאָס ערשטע האָט מען גערופֿן פּתח און ס'האָט באַצייכנט אַ, ע און ײַ; דאָס צווייטע, מיטן נאָמען קמץ, האָט געדאַרפֿט זײַן אַן אָנצוהערעניש אויף אַלע אַנדערע וואָקאַלן.

דער ניקוד וואָס איז הײַנט אָנגענומען שטאַמט, ווי מיר האָבן אָקערשט דערמאָנט, פֿון דער שטאָט טבֿריה אין צפֿון פֿון ארץ־ישׂראל; אַ פּאָר שורות פֿון אַ כתבֿ־יד פֿון 9טן י״ה, ווו די סיסטעם ווערט שוין געניצט, זײַנען געוויזן אויף געמעל 66.

פֿון אַ כתבֿ־יד פֿון 9טן י״ה, וואָס געפֿינט זיך הײַנט אין בריטישן מוזיי, לאָנדאָן

געמעל 66

ביז מיט אַ הונדערט יאָר צוריק האָט מען געמיינט, אַז מער ווי די איין סיסטעם ניקוד איז בכלל ניט געווען. נאָר אין 1839 האָט מען געבראַכט פֿון בבל קיין אייראָפּע אַלטע העברעיִשע כתבֿ־ידן, וואָס אין זיי האָט מען געפֿונען אַן אַנדער גאַנג אין ניקוד—דאָרטן זײַנען די נקודות געשטעלט פֿון אויבן. אַ דוגמא דערפֿון וויַזן אײַך די ביידע שורות אויף געמעל 67. פֿאַר די לעצטע הונדערט יאָר האָבן די געלערנטע אויפֿגעדעקט אין אַלטע העברעיִשע כתבֿ־ידן נאָך פֿאַרשיידענע אַנדערע פּרווון פֿון אויפֿבויען אַן איבערשורהדיקן ניקוד. מיר וועלן זיך ניט אַרײַנלאָזן אין קיין פּרטים. לאָמיר נאָר קאָנסטאַטירן, אַז די אַלע פּרווון האָבן זיך ניט געהאַלטן און זײַנען פֿאַרגעסן געוואָרן. אָנגענומען און אײַנ־

פֿון אַ כּתבֿ־יד פֿון נבֿיאים אחרונים, געשריבן אין יאָר 916, וואָס געפֿינט זיך אין דער עפֿנטלעכער ביבליאָטעק אין לענינגראַד. דאָס איז דער העברעיִשער כּתבֿ־יד מיט דער עלטסטער דאַטע

געמעל 67

געפֿונדעוועט האָט זיך בײַ אַלע ייִדן די שיטה פֿון טבֿריה — דערפֿאַר וואָס די דאָרטיקע לערנערס האָבן געהאַט אַזאַ גרויסן אויטאָריטעט. אַראָפּגערעכנט פּרטים וואָס דאָ וועלן מיר זיך אין זיי ניט פֿאַרטיפֿן, איז דאָס טאַקע דער גאַנג אין ניקוד וואָס האַלט זיך אין העברעיִש ביז הײַנט.

ווען די נקודות האָבן זיך שוין געהאַט אײַנגעפֿונדעוועט, האָבן זיך געפֿונען בעלי־דיקדוק וואָס האָבן געזאָגט, אַז אָדם־הראשון אַליין האָט עס צוגעטראַכט דעם ניקוד; אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז ווען משה רבינו האָט געבראַכט די תּורה פֿונעם באַרג סיני, איז זי שוין געווען מיט נקודות. אָבער דאָס זײַנען געווען מערניט שטימען פֿון יחידים; דער רובֿ לומדים, און דווקא די גרעסטע, האָבן דעם ניקוד ניט אַזוי שטאַרק פֿאַרהייליקט.

אָט איז פֿאַראַן פֿון 9טן יאָרהונדערט אַ שאלה־ותשובֿה[1]

---

[1] שאלות־ותשובֿות רופֿט זיך אַ ספּעציעלער מין רבנישע ליטעראַטור. ווען אַ רבֿ, אָדער אַ קהילה, האָבן ניט געקאָנט געפֿינען אין דער גמרא קיין קלאָרן באַשייד, ווי ס'איז דער דין, האָבן זיי זיך געווענדט מיט אַ „שאלה" צו אַ גרויסן קענער; און יענער האָט אָפּגעענטפֿערט מיט אַ „תּשובֿה". אַ סך אַזוינע שאלות־ותּשובֿות זײַנען אַרײַנגעפֿלאָכטן אין אַנדערע ווערק, און חוץ דעם זײַנען פֿאַראַן העכער טויזנט ספּעציעלע זאַמלונגען. די שאלות־ותּשובֿות זײַנען וויכטיק ניט נאָר פֿאַר דעם וואָס וויל וויסן דעם דין, נאָר אויך פֿאַרן היסטאָריקער; וואָרעם גאַנץ אָפֿט זײַנען אין דער שאלה אָדער אין דער תּשובֿה דערמאָנט פּאָליטישע געשעענישן אָדער ס'ווערן געבראַכט אינטערעסאַנטע פֿאַקטן פֿונעם לעבנס־שטייגער.

וועגן דעם, צי מען מעג שטעלן נקודות אין די ספֿר־תּורות. איז די תּשובֿה אַזאַ:

„מיר האָבן ניט געהערט, אַז די תּורה זאָל געוועזן זײַן מיט ניקוד בשעת משה האָט זי באַקומען. די נקודות זײַנען ניט געגעבן געוואָרן אויפֿן באַרג סיני, נאָר אונדזערע חכמים האָבן זיי אײַנגעפֿירט ווי סימנים. אויב מיר זאָלן געוועזן שטעלן נקודות אין דער תּורה, וואָלט דאָס געהייסן עובֿר זײַן אויפֿן לאַוו[1] פֿון דבֿרים יג, א, אַז מען טאָר צו דער תּורה קיין זאַך ניט צולייגן."

און אין דער אמתן, ביז הײַנטיקן טאָג גייען אין גאַנצן אָן נקודות די ספֿר־תּורות. אַ ספֿר־תּורה איז בײַם פֿרומען ייִדן דאָס הייליקסטע פֿון דאָס הייליקסטע, וואָרעם פֿון דאָרטן לייענט מען די תּורה אין שול. די נקודות זײַנען הייסט עס מערניט אַ מין אויסהעלף פֿאַרן פּריוואַטן באַנוץ, פֿאַר דעם ווינציק געניטן לייענער; דעם גאָר הייליקן טעקסט גיבן פֿרומע ייִדן אָן ניקוד.

אין טבֿריה איז שוין אויך געווען דער גאַנג פֿון באַצייכענען טייל אותיות מיט אַ פּאַסיקל פֿון אויבן, אַ שטייגער בֿ, און פֿון אונטערשיידן צווישן שׁ און שׂ דורך שטעלן דאָס פּינטל רעכטס (=š) אָדער לינקס (=s). אין בבֿל איז געווען אָן אײַנפֿיר צו שרײַבן אַ שׂ דורך צושטעלן איבערן ש אַ קליין סמכל, אַן ערך אַזוי: שׂ; דאָס האָט געמיינט: אַ ש וואָס דאַרף אַרויסגערעדט ווערן ווי אַ ס.

[1] פֿ אַ ר וו ע ר. דער פּסוק אין חומש דבֿרים יג, א לייענט זיך אַזוי: „אַל דאָס וואָרט וואָס איך באַפֿעל אײַך, דאָס זאָלט איר היטן צו טון; זאָלסט ניט צולייגן דערצו, און זאָלסט ניט מינערן דערפֿון."

אין ספר־תּורות זײַנען ניטאָ ניט קיין נקודות, ניט קיין פּינטעלעך, ניט קיין פּאַסיקלעך (רָפֶּה). דערפֿאַר געפֿינט מען אָבער אין ספר־תּורות[1] אַזעלכע באַפּוצונגען אויף די אותיות, וואָס אין כּתבֿ־ידן פֿון אַנדערע מינים פֿלעגט מען זיי ניט שרײַבן און הײַנט געפֿינט מען זיי ניט אין דרוק. דאָס זײַנען די תּ ג י ן.[2] תּג (אָדער תּגא, לשון רבים: תּגין) איז אויף אַרמיש דער טײַטש „קרוין", און מיינען מיינט עס די קריינדעלעך, מיט וועלכע מען באַפּוצט טייל אותיות אין די ספר־תּורות. אויף געמעל 68 זעען מיר, אַז אַ תּג זעט אויס אַזוי ווי אַ קליינער ז,[3] און דאָס רובֿ שטעלט זיך צונויף אַ באַפּוצונג בײַ אַן אות פֿון דרײַ אַזוינע פּאַסיקלעך. די טראַדיציע גייט, אַז אויף יענע צוועלף שטיינער וואָס יהושוע האָט געהייסן די קינדער פֿון ישׂראל אויפֿשטעלן אין מיטן ירדן (ספר יהושוע, קאַפּ' ד) איז געווען אָנגעשריבן תּורת משה, און געווען אָנגעשריבן דווקא מיט די תּגין.

געמעל 68

איידער דער סופֿר האָט אויסגעענדיקט די תּגין, איז נאָך די ספר־תּורה ניט פֿאַרטיק. דעריבער זאָגט מען אויף איינעם וואָס האָט אויסגעענדיקט אַן אַרבעט ביזן לעצטן פּינטל, עס זאָל גאָרניט פֿעלן: ער האָט דאָס געמאַכט מיט אַלע תּגין.

---

1 און אויך אין מזוזות און אין תּפֿילין.

2 דער י הערט זיך ניט אין ריידן.

3 מען רופֿט עס דעריבער צײַטנווײַז זיִון, זיוּנים, וואָס דאָס מיינט אויף אַרמיש: שווערד, קינזשאַל. פֿונעם זעלבן שורש איז אונדזער ייִדיש וואָרט כּלי־זיין (אַרויסגערעדט: קלעזאַיִן), געווער.

## שלאָס־אותיות

די אַלט־סעמיטישע שריפֿט האָט נאָך קיין טאָפּעלע אותיות כ/ך, מ/ם, נ/ן, פּ/ף, צ/ץ ניט געהאַט. גיט אַ קוק אויף געמעל 63, וועט איר זען, אַז צום ערשטן באַווײַזן זיך טאָפּעלע אותיות אין סלופּיקל: „I—IV י״ה״. דאָס ווײַזט אונדז, אַז די צעצווייונג איז אַלט אַ וואָסערע צוויי טויזנט יאָר, אפֿשר אַ קאַפּ עלטער.

גיט נאָך אַ מאָל אַ קוק אויף געמעל 63. בײַ טייל אותיות (אַ שטייגער בײַ ן, ץ) וועט איר זען בפּירוש, אַז די שלאָס־אותיות זײַנען מער געגליכן צום עלטערן טיפּ איידער די אַזוי גערופֿענע „נאָרמאַלע״ אותיות. די אײַנגעשריפֿטסן אויף די סאַרקאָפֿאַגן פֿון פֿאַר צוויי טויזנט יאָר ווײַזן אונדז טאַקע, אַז די שלאָס־אותיות זײַנען די עלטערע. נאָר די קריצערס האָבן געוואָלט שרײַבן אַ גאַנץ וואָרט מיט איין ציִ, עס זאָל צווישן איין אות און דעם צווייטן ניט זײַן, ווי ווײַט מיגלעך, קיין איבעררײַס; איז אַנשטאָט אַראָפּצוציִען דאָס פּאַסיקל אין ך, אין ן אאַז״וו ביז אונטן, האָבן זיי גענומען שרײַבן אַ „קרומען כָּף״, אַ „קרומען נון״ אאַז״וו. וואָרט־אויס, ווען מען האָט ניט געדאַרפֿט צונויפֿציִען דעם לעצטן אות מיטן ערשטן אות פֿון קומעדיקן וואָרט, איז אַזאַ אויסקרימען געווען איבעריק. ממילא איז אַזוי געבליבן, אַז וואָרט־אויס שרײַבט מען אַ לאַנגן כָּף, אַ לאַנגן נון אאַז״וו.

## XI. אונדזער אַלף־בית אין מיטל־עלטער

גיכשריפֿט

די אותיות וואָס מיר האָבן געזען אויף געמעל 66 און 67 קענען אונדז יאָ געפֿעלן אָדער ניט געפֿעלן, נאָר מיר זאָלן ספּעציעל פֿאַרחידושט ווערן פֿון זיי — דאָס ניט. מיט אַנדערע ווערטער: מיט אַ טויזנט יאָר צוריק האָט שוין די כּתיבֿה אונדזערע אויסגעזען אַזוי ווי הײַנט.

אָבער אויסכּתיבֿהנען אַ וואָרט נעמט דאָך צײַט. ווען אַ סופֿר האָט געשריבן אַ הייליקן טעקסט, האָט ער קיין ברירה ניט געהאַט: וויפֿל עס האָט געדויערט האָט געדויערט. נאָר אין ווײניקער חשובֿע טעקסטן — אין בריוו, אין אָפּמאַכן, אין פּריוואַטע פֿאַרצייכענונגען, — האָט מען זיך געפֿוילט צו צאַצקענען זיך אַזוי פֿיל און מען האָט גענומען ניצן פּשוטערע אותיות. אויף געמעל 69 איז געוויזן די חתימה פֿון דעם גרויסן ייִדישן גע־לערנטן פֿון מיטל־עלטער, דעם רמבם (ר ב י  מ ש ה  ב ן  מ ימ ו ן), געבוירן אין קאָרדאָווע, אין שפּאַניע, אין 1135, געשטאָרבן אין קאַיראָ, מיצרים, אין 1204. זײַן כּתבֿ ווײַזט אונדז, ווי אַזוי עס האָבן אויסגעזען געשריבענע אותיות מיט אַן אַכט הונדערט יאָר צוריק.

„אַני משה ברבי מימון ז״ל״ — איך משה דער זון פֿון מימון זכרונו לבֿרָכה.

אַזוי פֿלעגט זיך אונטערשרײַבן דער רמבם

געמעל 69

די געכתיבֿהטע אותיות האָט מען גענומען רופֿן, ווענדליג זייער פֿאָרם, כּתבֿ מרובע (מרובע הייסט קוואַדראַט, קוואַדראַטיש); די אותיות קומען טאַקע אויס קוואַדראַטיש לגבי דער מער פֿאַרקײַלעכטער גיכשריפֿט.

די גיכשריפֿט האָט מען גערופֿן כּתיבֿה קטנה, וואָס דאָס מיינט „קליינע כּתיבֿה". נאָך אַ נאָמען איז געווען: מַשקיט אָדער מעשיט; פֿון וואַנען דער נאָמען נעמט זיך ווייס מען ניט.

די שרײַבשריפֿט פֿון מיטל־עלטער האָט זיך צעצווײַגט אין צוויי גרויסע גרופּעס. עס זאָגט אונדז וועגן דעם עדות איינער פֿון די גרויסע לומדים פֿון מיטל־עלטער, אָשר בן יחיאל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אַרום 1250 אין דײַטשלאַנד, נאָר דערנאָך איז ער אַוועק קיין שפּאַניע און האָט אין טאָלעדאָ געהאַלטן אַ גרויסע ישיבֿה. שרײַבט ער אַזוי: „דאָס געשטאַלט פֿון די אותיות איז ניט אין אַלע לענדער דאָס זעלביקע. זייער גרויס איז דער חילוק פֿון דער שריפֿט בײַ אונדז אין לאַנד [דײַטשלאַנד] ביז דער שריפֿט אין דעם לאַנד [שפּאַניע]."

## רשי־כּתבֿ

בײַ יענע ייִדן וואָס זײַנען געווען צעשפּרייט אין דרום־אייראָפּע, איבערן געברעג פֿון מיטלענדישן ים, האָט זיך אויסגעאַרבעט אַ שניט אותיות וואָס האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָמען רַשי־כּתבֿ. דער נאָמען קען פֿאַרפֿירן, ווײַל מען קען מיינען, אַז דעם סאָרט אותיות האָט אויס־געטראַכט דער גרויסער געלערנטער רַשי.[1] וואַקסן וואַקסט

[1] רַשי = רב שלמה יצחקי; געלעבט אין פֿראַנקרײַך; געשטאָרבן אין יאָר 1105. רשי האָט געשריבן די וויכטיקסטע פּירושים אויף תּנך און גמרא. ווען אַ לערנער וויל קלאָר ווערן אין אַ האַרבן עניָן, פֿרעגט ער פֿריִער פֿאַר אַלץ, וואָס מאַכט דער ווײַ רשי.

דער נאָמען גאָר פֿון עפּעס אַנדערש: ווען מען האָט גענומען דרוקן ביכער, האָט זיך איַינגעשטעלט אַ מינהג, אַז דעם טעקסט פֿון תּנך און גמרא דרוקט מען מיט געכּתיבֿהטע אותיות און רשיס פּירושים — מיט אותיות וואָס זיַינען

| |
|---|
| א ב ג ד ה ו ז ח ט י כ ך ל מ ם נ ן ס ע פ ף צ ץ ק ר ש ת |

דער אַלף־בית אין רשי־שריפֿט (געדרוקט)

קוק זיך איַין: דער ם איז אָן אַן עקעלע לינקס, דער ס דווקא מיט אַן עקעלע

געמעל 70

נאָכגעמאַכט נאָך יענער שריַיבשריפֿט. אַנדערע ספֿרים, איבער הויפּט טאָקע גאַנצע ספֿרים פּירושים, דרוקט מען אויך מיט די זעלביקע אותיות; און כאָטש די ספֿרים קערן זיך גאָרניט אָן מיט רשין, איז רשיס נאָמען שוין געבליבן צוגעבונדן צו דעם סאָרט שריפֿט.

אָט ווי ס'זעען אויס אַ פּאָר שורות אויסגעזעצט מיט רשי־כּתבֿ:

ס'איז געווען אַ מאָל אַן עילוי,
ניט געקענט די וועלט אפילו,
ניט געווען אין קלאַס;
פרום דער טאַטע, פרום די מאַמע,
די מישפּחה — לומדים סאַמע...

געמעל 71

געשריבן האָט מען—לאָמיר דאָס געדענקען—רשי־כּתבֿ לאַנג איידער מען האָט זיך אויסגעלערנט דרוקן. נאָך ביז היַינטיקן טאָג שריַיבן די ספֿרדישע ייִדן דורכויס מיט רשי־כּתבֿ; אונדזער שריַיב־אַלף־בית איז זיי אין גאַנצן

פֿרעמד. זיי שרײַבן און דרוקן מיט רשי־כתבֿ סײַ העברעיִש (אַחוץ די הייליקע ספֿרים, דאָרטן ניצן זיי אויך כּתיבֿה), סײַ זייער אייגענע שפּראַך וואָס טראָגט דעם נאָמען דזשודעזמע.[1]

אויף געמעל 72 זעט מען אַ פֿאַקסימילע פֿון אַן אויטאָגראַף פֿונעם באַוווּסטן העברעיִשן שרײַבער שד״ל[2] וואָס האָט געלעבט אין איטאַליע אין 19טן יאָרהונדערט. די ערשטע שורה („ידידי הנכבד") איז דער אָנהייב פֿון אַ בריוו, די צווייטע שורה („ידידך ועבדך שד״ל") איז די חתימה.

געמעל 72

## מעשיט

פֿונקט ווי דער רשי־כּתבֿ איז געווען אַ מין גיכשריפֿט בײַ די ייִדן אַרום מיטלענדישן ים, אַזוי איז בײַ ייִדן פֿון צפֿון־אייראָפּע — פֿראַנקרײַך, דײַטשלאַנד, האָלאַנד, פּוילן, ליטע — אויפֿגעקומען אַן אַנדער מין גיכשריפֿט (זע געמעל 73). מיר האָבן שוין געזען, אַז טייל מאָל האָט מען די אותיות גערופֿן מַשקיט אָדער מעשיט; נאָך אַ שטאַרק אָנגענומענער נאָמען איז געווען „ווײַבערטײַטש".

---

[1] פֿאַראַן אין טערקײַ, אין צפֿון־אַפֿריקע א״אַ אַ וואָסערע 350,000 ייִדן, קינדסקינדער פֿון די וואָס זײַנען אַוועק פֿון שפּאַניע אין 1492, ריידן זיי אויף אַן אייגענער שפּראַך וואָס מען רופֿט „דזשודעזמע". אין דער שפּראַך גייען אַרויס צו ביסלעך ביכער און אויך צײַטונגען.

[2] אויטאָגראַף — אייגענע שריפֿט (גריכיש: אויטאָס — אַליין, גראַפֿײַן — שרײַבן). פֿאַקסימילע — פּינקטלעכע נאָכמאַכונג (לאַטײַן: fac — מאַך, simile — געגליכן). שד״ל = שמואל־דוד לוצאַטאָ, געלעבט פֿון 1800 ביז 1865.

הטכיע עליו חמשה פעריס כין כפע

פון אַ העברעיִשן כתבֿ־יד פֿון יאָר 1281; ער געפֿינט זיך איצט אין דער אוניווערסיטעטישער ביבליאָטעק אין לײדן, האָלאַנד

געמעל 73

אַ מאָדנער נאָמען, ס'פֿאָדערט זיך אַ פּירוש. ייִדן אין מיטל־עלטער האָבן די ייִדישע שפּראַך גערופֿן „טײַטש".[1] מיר זאָגן נאָך הײַנט: פֿ אַ ר ט ײַ ט ש ן — איבערזעצן; וואָס טײַטש? — וואָס מיינט דאָס? (אין עצם: „ווי אַזוי איז דאָס אויף ייִדיש?"). הייסט עס דער נאָמען „טײַטש" לייגט זיך אויפֿן שׂכל. אָבער וואָס עפּעס ו ו ײַ ב ע ר טײַטש?

בײַ די געלערנטע לײַט אין מיטל־עלטער איז געווען אָנגענומען, אַז די „פּראָסטע" שפּראַכן, וואָס די פּראָסטע מענטשן ריידן אויף זיי, האָבן גאָר אַ קנאַפּע ווערדע. אַזוי איז געווען בײַ די קריסטלעכע פֿעלקער פֿון אייראָפּע, וווּ מען האָט פֿאַרהייליקט לאַטײַן און אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט איטאַליעניש, פֿראַנצייזיש, דײַטש, און אַזוי איז געווען בײַ אונדז אויך. אונדזערע לומדים האָבן דעם אמתן כּבֿוד געלייגט נאָר אויף די לשון־קודשע ספֿרים. ווער דאַרף עס אַ ספֿר אויף דער טאָג־טעגלעכער ריידשפּראַך, אויף „פּראָסט ייִדיש"? סײַדן די וואָס קענען קיין לשון־קודש ניט. און דאָס זײַנען געווען קודם־כּל פֿרויען. פֿרויען זײַנען ניט געזעסן ווי לערנערס אין די בָּתּי־מדרָשים, פֿרויען האָבן ניט געלערנט אין ישיבֿות, גאָר ווינציק מיידלעך זײַנען אַפֿילו געגאַנגען אין חדר. איז

---

[1] אַן אַנדערט מאָל פֿלעגט מען זאָגן: „עבֿרי־טײַטש", „ייִדיש־טײַטש", כּדי צו געבן צו פֿאַרשטיין, אַז דאָס איז פֿאָרט גאָר אַן אַנדער „טײַטש" איידער די שפּראַך פֿון די דײַטשן.

אויסגעקומען, אַז דאָס וואָס מען שרײַבט אויף ייִדיש איז דער עיקר פֿאַר פֿרויען, ס'איז „ווײַבערטײַטש".

הײַנט קלינגט דער נאָמען אַ ביסל אומגעלומפּערט, וואָרעם מיר האָבן זיך שוין צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז מיידלעך דאַרפֿן זיך לערנען פּונקט אַזוי ווי ייִנגלעך. אַגבֿ איז דער נאָמען קיין מאָל ניט געווען אין גאַנצן באַרעכטיקט. מען האָט טאַקע געשריבן מיט דער דאָזיקער גיכשריפֿט דער הויפּט ייִדיש, אָבער ניט זעלטן האָט מען דאָס געניצט פֿאַר העברעיִש אויך, ווי עס ווײַזט אונדז אַ שטייגער געמעל 73. און צווייטנס האָט זיך נאָר געערדט אַזוי, אַז ניט מער ווי „ווײַבער" קוקן אַרײַן אין אַ ייִדיש ביכל. אַ למדן איז אויך געווען אַ בעלן צו האָבן אויף ייִדיש דאָס שמואל־בוך (זע געמעל 75) אָדער די וווּנדערלעכע דערציילונג וועגן קיניג אַרטוסעס הויף, מערניט וואָס ער האָט זיך ניט געוואָלט מודה זײַן, אַז ער אינטערעסירט זיך מיט די „נאַרישקייטן". איז ווי באַלד דער נאָמען ווײַבער־טײַטש פּאַסט שוין ניט מער, קענען מיר די שריפֿט משנה־שם זײַן. מיר האָבן שוין געזען, אַז דאָס וואָרט מַשקיט

געמעל 74

דאָס איז די חתימה פֿון דעם באַוווּסטן ייִדישן שרײַבער אלי הלוי (אַנדערש הייסט ער: אליה בחור) וואָס האָט געלעבט פֿון 1469 ביז 1549. אליה בחור איז געווען אַ גרויסער קענער פֿון העברעיִשן דיקדוק; ער האָט עס דער ערשטער אויפֿגע־וויזן, אַז ניט אין תנך און ניט אין גמרא איז גאָרניט ניט דערמאָנט וועגן די נקודות — אַ סימן, אַז דער גאַנצער עניין ניקוד שטאַמט פֿון אַ שפּעטערדיקער צײַט.

אליה בחור איז געווען גאָר אַ חשובֿער שרײַבער אין ייִדיש אויך. ער האָט אָנגעשריבן אין ייִדיש צוויי גרויסע ראָמאַנען (וועגן זיי שטייט אַ ביסל ווײַטער) און אַ פּאָר קלענערע זאַכן. אויך האָט ער אָנגעשריבן עטלעכע ביכער וואָס זײַנען וויכטיק פֿאַר דער פֿאָרשונג פֿון דער ייִדישער שפּראַך.

# דאָס שמואל-בוך

דאָס „שמואל-בוך" איז פֿון די אינטערעסאַנטסטע ווערק אין דער אַלטער ייִדישער ליטעראַטור. דאָס איז אַ פּאָעמע וואָס דערציילט וועגן דוויד המלכס לעבן און גבֿורות; זי איז אויפֿגעקומען סוף מיטל-עלטער.

אין מיטל-עלטער איז פּאָעזיע פֿאַרשפּרייט געוואָרן ניט אַזוי דורך לייענען ווי דורך הערן. אַזוי איז געווען בײַ ניט-ייִדן און אַזוי איז געווען בײַ ייִדן. געווען זינגערס וואָס פֿלעגן אומגיין פֿון ייִשובֿ צו ייִשובֿ, אויפֿקלײַבן אַן עולם און געבן דאָס וואָס מען וואָלט הײַנט אָנגערופֿן „אָוונטן פֿון רעציטאַציע". זיי האָבן געהאַט אין זייער רעפּערטואַר אי קורצע לידער און דערציילונגען אין גראַמען, אי לאַנגע זאַכן, ראָמאַנען גאַנצע. דאָס שמואל-בוך איז אויך געשאַפֿן אויפֿן שניט פֿון יענע געזונגענע פּאָעמעס. דאָס שמואל-בוך האַלט בײַ זיבעצן הונדערט סטראָפֿעס, צו פֿיר לאַנגע שורות אין יעדער סטראָפֿע; בײַם רעציטירן האָט אַזאַ ווערק אַליין געמוזט פֿאַרנעמען עטלעכע אויפֿדערנאַכטן. דער ניגון פֿון „שמואל-בוך" איז גיך געוואָרן אויף אַזוי פֿיל אָנגענומען בײַם עולם, אַז מען האָט מיט אים גענומען זינגען אַנדערע פּאָעמעס אויך.

דאָס שמואל-בוך איז דערגאַנגען צו אונדז אין עטלעכע כּתבֿ-ידן. אַז מען האָט זיך אויסגעלערנט דרוקן, האָט מען די פּאָעמע עטלעכע מאָל געדרוקט אויך.

דאָס זײַטל וואָס ווערט דאָ געוויזן אויף געמעל 75 איז גענומען פֿון אַ כּתבֿ-יד וואָס געפֿינט זיך אין דער „נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק" אין פּאַריז.

(מעשיט) האָט מען גענוצט אי פֿאַר רשי־כּתבֿ, אי פֿאַר ווײַבערטײַטש. קענען מיר אָפּמאַכן, אַז „מַשקיט" וועלן מיר טאַקע איבערלאָזן אויף צו באַצייכענען ביידע געשריפֿטן; דערבײַ וועלן מיר די ערשטע, די דרומדיקע, רופֿן ר ש י און די צווייטע, די צפֿונדיקע, וועלן מיר רופֿן מ ע ש י ט.

כּתיבֿה

רשי־כּתבֿ מעשיט (ווײַבערטײַטש)

משקיט

## XII. נאָכן אויסגעפֿינען די קונסט פֿון דרוקן

### מען הייבט אָן דרוקן

גוטענבערגס אויפֿטו: צו דרוקן ניט פֿון אַ בלאַט האָלץ, וואָס אויף דעם זײַנען אויסגעשניצט גאַנצע זײַטן, נאָר פֿון איינציקע מעטאַלענע אותיות וואָס מען שטעלט אויס איינס לעבן דעם צווייטן — האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין גײַסטיקן לעבן פֿון דער גאַנצער וועלט. אַנשטאָט וואָס אַן איבערשרײַבער פֿון אַ מאַנוסקריפּט[1] האָט געמוזט שרײַבן יעטווידער זײַטל פֿון יעטווידער עקזעמפּלאַר באַזונדער, האָט מען איצטער געקאָנט אָפּציִען אויפֿן פּרעס צו פֿיר זײַטלעך מיט איין מאָל און צו עטלעכע הונדערט עקזעמפּלאַרן נאָך אַנאַנד.

אָבער ניט מיט איין מאָל האָט זיך דאָס איבער־קערערישע נײַס אויסגעשפּרייט פֿון מײַנץ, ווו גוטענבערג האָט מצליח געווען. געווען שוועריקייטן טעכנישע און געווען אַנדערע מיני שוועריקייטן אויך; גענוג צו זאָגן, אַז די איבערשרײַבערס האָבן גענומען שפּרייטן קלאַנגען, אַז ס׳איז „מעשׂה שׂטן": מען טאָר קיין געדרוקטע ביכער ניט ניצן, ווײַל אין די שוואַרצע פּינטעלעך שטעקן שוואַרצע קונצן.

הײַנטיקע צײַטן מאַכט זיך אַלצדינג פֿלינק. ראַדיאָ האָט מען גענומען ברייטער ניצן אין דער וועלט־מילחמה;

---

[1] מאַנוסקריפּט, אויף לאַטײַן: manuscriptum, מיינט: געשריבן (scriptum) מיט דער האַנט (manu). כּתבֿ־יד באַטײַט פּונקט דאָס אייגענע.

ניט־מיליטערישע ראַדיאָ־סטאַציעס פֿאַר טובֿת־הכּלל האָט מען גענומען בויען אין די טעכניש אַנטוויקלטע לענדער ניט פֿריִער ווי עטלעכע יאָר נאָך דער וועלט־מלחמה; און אין צען יאָר אַרום איז שוין ניט געווען ממש קיין איין ווינקל אויף דער ערד, וווּ עס זאָל זיך ניט הערן אַ ראַדיאָ־טראַנסמיסיע. אַמאָליקע יאָרן פֿלעגט געדויערן אַ סך מער צײַט, ביז וואַנען טעכנישע אויסגעפֿינסן פֿלעגן זיך אָננעמען.

ס'איז ניט באַוווּסט, ווען פּונקט גוטענבערג האָט גענומען דרוקן מיט אייינציקע אותיות. ער האָט לאַנג עקספּערימענטירט, און 1450 איז ער שוין געווען פֿאַרטיק. אַנדערע פֿאַרבינדן זײַנע ערשטע דרוקווערק נאָך מיטן יאָר 1440, און אַפֿילו מיט 1438. אָבער עס גייט אַוועק צײַט, ביז וואַנען „גוטענ־בערגס קינדער" — אַזוי האָט מען גערופֿן די ערשטע דרוקערס — צעשפּרייטן זיך איבער אַנדערע שטעט און לענדער.

| די ערשטע דרוק איז געוואָרן אין | |
|---|---|
| שטראַסבורג אין יאָר | 1460 |
| רוים | 1467 |
| ווענעציע | 1469 |
| פּאַריז | 1470 |
| ליאָן | 1473 |
| אוטרעכט | 1473 |
| קראָקע | 1474 |
| וואַלענסיע | 1474 |
| וועסטמינסטער (ענגל') | 1474 |
| פּראָג | 1475 |
| ווין | 1482 |
| סטאָקהאָלם | 1483 |
| אָדענזע (דענעמאַרק) | 1487 |
| ווילנע | 1525 |
| מאָסקווע אַרום | 1537 |
| וואַרשע | 1578 |

## אינקונאַבלען

די דרוקווערק וואָס זײַנען אויסגעפּאַרטיקט געוואָרן אין 15טן י"ה, דאָס הייסט פֿון סאַמע אָנהייב דרוקן ביזן

1טן יאַנואַר 1500, איז אָנגענומען צו רופֿן מיטן נאָמען אינקונאַבלען. דאָס וואָרט incunabula מיינט אין לאַטייַן: ווינדעלעך, וויקעלעך, וויגעלע; אַן אינקונאַבל איז הייסט עס אַ דרוקזאַך פֿון יענער צייַט, ווען דאָס דרוקן איז נאָך געלעגן אין די וויקעלעך.

מען איז משער, אַז די אַלגעמיינע צאָל ווערק, גרעסערע אָדער קלענערע, וואָס זייַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן ביזן יאָר 1500, שטייַגט שטאַרק אַריבער דרייַסיק טויזנט. פֿאַראַן ווערק וואָס זייַנען דערגאַנגען ביז אונדזער צייַט אין אַ לפּי־ערך גרעסערער צאָל עקזעמפּלאַרן, אַנדערע (איבער הויפּט קלענערע, וואָס מען האָט אויף זיי געלייגט ווינציקער אכט) האָבן זיך אויפֿגעהיט סך־הכל אין געציילטע, און אַ מאָל מערניט אין איין עקזעמפּלאַר. קיין גאָר גרויסע צאָל האָט זיך אַגבֿ ניט געקענט אויפֿהיטן, וואָרעם אַ בוך פֿלעגט זיך אין 15טן יאָרהונדערט דרוקן אין גאַנצן אין אַ 225—350, און אַז פֿיל, איז אין 500 עקזעמפּלאַרן; מער האָט מען ניט געקאָנט אַפֿילו ווען מען וואָלט געוועז געוואָלט, ווייַל די מעטאַלענע אותיות פֿלעגן זיך אָפּרייַבן.

אין אָנהייב האָט מען דאָס דרוקן אויך גערופֿן „שרייַבן"; ווייַטער האָט זיך אייַנגעשטעלט אַ נאָמען טיפּאָגראַפֿיע, וואָס דאָס מיינט: שרייַבן (גראַפֿיין) מיט מעטאַלענע אותיות (אַזאַ אות האָט מען אָנגערופֿן מיטן גריכישן וואָרט: טיפּאָס).

דאָס רובֿ אינקונאַבלען זייַנען געדרוקט שיין, מיט גוטער פֿאַרב אויף גוטן פּאַפּיר.

אויף זייער פֿיל אינקונאַבלען איז ניטאָ קיין שום סימן, ווען און וווּ זיי זייַנען געדרוקט געוואָרן. פֿאַראַן אָבער

פֿאָרשערס וואָס מען מעג זיך אויף זיי פֿאַרלאָזן: אָט די טיפּאָגראַפֿישע דעטעקטיוון, ווי מען וואָלט זיי געקאָנט אָנרופֿן, זײַנען קלאָר אין יעטווידער פּרטעלע פֿון דער פֿאָרם פֿון יעטווידער אות, און לויט דעם אידענטיפֿיצירן זיי שוין די דרוקזאַך.

דער ווײַט גרעסטער טייל זאַכן וואָס מען האָט געדרוקט אין 15טן יאָרהונדערט זײַנען נוגע רעליגיע. איינער אַ קענער האָט אויסגערעכנט, אַז ניט ווינציקער ווי זעקס זיבעטלעך פֿון אַלע אינקונאַבלען זײַנען פֿון אַ רעליגיעזן אָדער אַ רעליגיעז־פֿילאָסאָפֿישן כאַראַקטער; די רעשט איז וויסנשאַפֿט און אַלטע אָדער נײַערע ליטעראַטור. ווי באַלד אַזוי פֿאַרשטייען מיר שוין, פֿאַר וואָס אַזאַ גרויסע צאָל אינקונאַבלען זײַנען אויף לאַטײַן.

## מען הייבט אָן דרוקן מיט יידישע אותיות

דער 15טער יאָרהונדערט איז אויך געווען פֿאַר ייִדן אין דײַטשלאַנד גאָר אַ שווערע צײַט. און קומען קומען די רדיפֿות אין יענער צײַט, פּונקט ווי הײַנט, צום גרעסטן טייל ניט פֿון המון, נאָר פֿון די מאַכטהאָבערס. עס איז די תּקופֿה פֿון גירושים; דאָס האָט מען זיך פֿאַרמאָסטן „אויף אייביקע צײַטן" פּטור צו ווערן פֿון ייִדן. הײַנט ווייסן מיר, אַז דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט אַריבערגעלעבט די המנס פֿון 15טן יאָרהונדערט און אַז אַפֿילו ייִדן אין דײַטשלאַנד האָט מען ניט געקאָנט אויסהאָבן; אָבער פֿאַרביטערן ייִדן דאָס לעבן האָט מען געקאָנט. 1426 איז געווען אַ גירוש פֿון קעלן, 1430 האָבן ייִדן געמוזט פֿאַרלאָזן גאַנץ זאַקסן, 1438 — גוטענ־בערגס שטאָט מײַנץ, 1450 — גאַנץ בײַערן, און אַזוי


רבן שמעון בן גמליאל אומר על

**דאָס עלטסטע לשון־קודשע דרוקווערק וואָס איז צו אונדז דערגאַנגען**

**איר זעט דאָ אַ זײַט פֿון דעם „אַרבע טורים״, אַ ספֿר וואָס נעמט צונויף אין איינעם אַלע דינים. מען האָט עס פֿאַרענדיקט דרוקן 1475 אין פּיאָווע די סאַקאָ, ניט ווײַט פֿון פּאַדאָווע, איטאַליע.**

**געמעל 76**

ווײַטער. אין אַזאַ סיטואַציע, ווען מען איז ניט געווען זיכער מיטן מאָרגעדיקן טאָג, האָבן ייִדן ניט געקאָנט קלערן וועגן אויפֿבויען אין דײַטשלאַנד ייִדישע דרוקערײַען. די ערשטע ייִדישע דרוקערס, טאַקע ייִדן אויסגעוואַנדערטע פֿון דײַטשלאַנד, באַווײַזן זיך אין איטאַליע אין די יאָרן 1473–1474. אין איין צײַט עפֿענען זיך דרוקן אין דרײַ שטעט. מען נעמט זיך זעצן גרויסע ספֿרים, פֿון עטלעכע הונדערט זײַטן; געדויערט דעריבער דאָס זעצן לאַנג, אַ יאָר און לענגער.

## די ערשטע דרוקווערק אין לשון־קודש זײַנען אַרויס אין איטאַליע אין 1475

הײַנט איז דרוקן אַ פּשוטע זאַך. מען דרוקט אָפּ איינס און צוויי אַ גרויסע צײַטונג, וואָס מאָרגן איז זי שוין פֿאַרעלטערט און אַראָפּ פֿון מאַרק. יעמאָלט איז דרוקן געווען גאָר אַ האַרבער ענין; גרינגער איידער איבערשרײַבן איינציקע עקזעמפּלאַרן, אָבער אַלץ אַ זאַך וואָס מען האָט דערין געדאַרפֿט אַרײַנלייגן אַ סך צײַט, געלט און האָרעוואַניע. מען האָט דעריבער געדרוקט נאָר זייער חשובֿע זאַכן, און דאָס רובֿ — הייליקע זאַכן.

ווי באַלד אַזוי, קען מען זיך שוין מעלן, אַז אַלע אינקונאַבלען מיט ייִדישע אותיות וואָס זײַנען צו אונדז דערגאַנגען זײַנען לשון־קודשע ספֿרים; מיר האָבן דאָך שוין געזען, אַז בכלל זײַנען פֿון די אינקונאַבלען 6/7 געווען פֿאַרבונדן מיט רעליגיע, און ייִדן זײַנען אין יענער תּקופֿה געווען אַרײַנגעטאָן אין רעליגיע נאָך מער ווי ניט־ייִדן. אפֿשר

# בראשית ברא

אמר ר' יצחק לא היה צריך להתחיל את התורה אלא מהחדש הזה לכם שהיא מצוה ראשונה שנצטוו ישר' ומה טעם פתח בבראשית משום כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים שאם יאמרו אומות העולם לישר' לסטים אתם שכבשתם ארץ שבעה גוים הם אומרים להם כל הארץ של הקב"ה היא והוא בראה ונתנה לאשר ישר בעיניו ברצונו נתנה להם וברצונו נטלה מהם ונתנה לנו · בראשית ברא וגו' אין המקרא הזה אומר אלא דרשני כמו שדרשוהו רבותי' בשביל התורה שנקראת ראשית דרכו ובשביל ישר' שנקראו ראשית תבואתו עד הנה מדרש רבותי' ואם באת לפרשו כפשוטו כך פרשהו בראשית בריאת שמים וארץ והארץ היתה תהו ובהו וחשך ויאמר הקב"ה יהי אור ולא בא המקרא להורות סדר הבריאה לומר שאלו קדמו שאם בא להורות כן היה לו לכתוב בראשונה ברא את השמים

בראשית ברא אלהים את השמים ואת הארץ: והארץ
היתה תהו ובהו וחשך על פני תהום ורוח אלהים
מרחפת על פני המים: ויאמר אלהים יהי אור ויהי אור:
וירא אלהים את האור כי טוב ויבדל אלהים בין האור
ובין החשך: ויקרא אלהים לאור יום ולחשך קרא לילה
ויהי ערב ויהי בקר יום אחד:

בקדמין ברא

ייי ית שמיא וית ארעא : וארעא הות צדיא וריקניא וחשוכא על אפי תהומא ורוחא מן קדם ייי מנשבא על אפי מיא : ואמר ייי יהי נהורא והוה נהורא : וחזא ייי ית נהורא ארי טב ואפרש ייי בין נהורא ובין חשוכא : וקרא ייי לנהורא יממא ולחשוכא קרא ליליא והוה רמש והוה צפר יומא חד :

די ערשטע זייט פֿון חומש, געדרוקט אין באָלאָניע, 1482
אויבן גיט רשיס פּירוש, לינקס דער תרגום — ביידע אין רשי־כתב

האָט מען יאָ עפּעס געדרוקט אויף ייִדיש און מען האָט עס ניט דערהיט, און אפֿשר האָט מען טאַקע אויף ייִדיש אָנגעהויבן דרוקן שפּעטער (באַלד וועלן מיר זען, ווען). קיין חידוש וואָלט עס ניט געווען: אויבן אָן איז יעמאָלט געשטאַנען די הייליקייט און די שפּראַך פֿון דער הייליקייט.

**פֿון 15טן י״ה זײַנען באַוווּסט**
**ייִדישע דרוקערײַען אין 18 שטעט**

קיין פֿעסטן נאָמען אין העברעיִש האָט נאָך דאָס דרוקן צום אָנהייב ניט געהאַט. מען פֿלעגט דאָס רופֿן כּתבֿ-שרײַבן אָדער העתק — איבערשרײַבן. אין אַנדערע ספֿרים ווערט געניצט דאָס וואָרט חָקק — אָנצייכענען, אויסקריצן, און דער דרוקער ווערט אָנגערופֿן מחוקק. דאָס וואָרט דפּוס, וואָס הײַנט איז עס אין העברעיִש אָנגענומען צום מערסטן, באַווײַזט זיך שוין אויך אין די אינקונאַבלען, אָבער נאָר אויף אָנצורופֿן דעם באַוועגלעכן מעטאַלענעם אות; דפּוס איז טאַקע נאָר אַ פֿאַרהעברעיִשטע פֿאָרם פֿונעם אינטערנאַציאָנאַלן, פֿון גריכיש גענומענעם וואָרט „טיפּאָס“.

די רשימה ווײַזט, ווען די דרוקערײַען האָבן צום ערשטן אָרויסגעגעבן דרוקווערק אויף לשון־קודש

| | |
|---|---|
| **א י ט אַ ל י ע** | |
| **1475** | רעדזשיאָ, קאַלאַבריע |
| **1475** | פּיאָווע די סאַקאָ |
| **1475** | מאַנטווע |
| **1475** | רוים (ניט זיכער) |
| **1477** | פֿעראַרע |
| **1482** | באָלאָניע |
| **1483** | סאָנטשינאָ |
| **1484** | קאַזאַל-מאַדזשאָרע |
| **1487** | נעאַפּאָל |
| **1491** | ברעשיע |
| **1496** | באַרקאָ |
| **ש פּ אַ נ י ע** | |
| **1482** | גוואַדאַלאַכאַרע |
| **1484** | איכאַר |
| **1484** | זאַמאָרע |
| **פּ אָ ר ט ו ג אַ ל** | |
| **1489** | ליסאַבאָן |
| **1494** | לעיִריע |
| **1497** | פֿאַראָ |
| **ט ע ר ק ײַ** | |
| **1493** | קאָנסטאַנטינאָפּאָל |

זע געמעל 80

טענות צום דרוקן זײַנען קענטיק געווען בײַ ייִדן אויך; אַ סימן האָבן מיר למשל, אַז צום סוף פֿון אַ ספֿר וואָס האָט זיך אָפּגעדרוקט 1490 אין נעאַפּאָל זאָגט דער אַרויסגעבער אַזוי (איך זעץ דאָס איבער פֿון העברעיִש): „אַלע וואָס וועלן ריידן קרומע זאַכן אויף דער דאָזיקער מלאָכה וועלן טראָגן אויף זיך אַ זינד.“

די דרוקערס גופֿא זײַנען אַדרבא געווען זייער האָפֿערדיק בײַ זיך; זיי האָבן געהאַלטן, אַז זייער אַרבעט פֿון דרוקן הייליקע ספֿרים איז כּמעט דאָס אייגענע וואָס שרײַבן הייליקע ספֿרים מיט אַ געוונדזענער פֿעדער. זיי זײַנען נאָכגעגאַנגען נאָך די ספֿר־תּורות אַפֿילו אין קלייניקייטן. אַ שטייגער איז אַ מיצווה בײַ פֿרומע ייִדן צו שרײַבן אַ ספֿר־תּורה; אויב מען קען ניט אַליין, באַשטעלט מען בײַ אַ סופֿר, און אַליין שרײַבט מען צו מערניט דאָס לעצטע אָדער דאָס ערשטע וואָרט; דער סופֿר לאָזט איבער דאָס אָרט פֿרײַ. דאָס אייגענע געפֿינט מען צווישן די העברעיִשע אינקונאַבלען אַזאַ אויסגאַבע פֿון חומש, וווּ דאָס וואָרט בראשית איז ניט אויסגעזעצט — ס'איז געלאָזן אַ פֿרײַ אָרט אַרײַנצושרײַבן דאָס וואָרט מיט דער האַנט, און דערמיט ערשט וועט דער ספֿר זײַן פֿאַרענדיקט, — ווי אַ ספֿר־תּורה ממש. אָדער עס איז אָנגענומען אין די ספֿר־תּורות, אַז אויב עס קלעקט ניט מער קיין ווערטער צו פֿאַרפֿולן די גאַנצע לעצטע זײַט, שרײַבט מען די שורות וואָס ווײַטער קירצער, זיי זאָלן אויסקומען אַזוי ווי אַ דרײַעק מיטן שפּיץ אַראָפּ. די פֿרומע דרוקערס האָבן זיך אין זייערע אויסגאַבעס אויך אַזוי נוהג געווען.

אַ בײַנאָמען האָט באַקומען דאָס דרוקן: מלאכת הקודש. דער אינהאַלט פֿון די דרוקווערק לאָזט דאָס גוט

פֿאַרשטיין: דער אויסדרוק איז גענומען פֿון שמות לד, פּסוק ד, אָבער דאָרטן מיינט דאָס פֿאַרשטייט זיך ניט די קונסט פֿון דרוקן, נאָר דאָס בויען דעם מִשכּן. עס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער טראַדיציאָנעלער יִדישער גײַסטיקער וועלט, וואָס מען איז גערן געווען צו נעמען אַלטע תּנכישע ווערטער און אַרײַנצולייגן אין זיי אַ נײַעם אינהאַלט. דער טערמין „מלאכת הקודש" האָט זיך געהאַלטן הונדערטער יאָרן; און דער זעצער פֿלעגט זיך אָנרופֿן צום סוף בוך: „הָעוֹסק בִּמְלֶאכת הקוֹדש"–דער וואָס פֿאַרנעמט זיך מיט דער הייליקער מלאָכה. אַמאָליקע צײַטן פֿלעגט דער זעצער אויך שטעלן זײַן נאָמען, ניט נאָר דער בעל־הבית פֿון דער דרוק; און דאָס איז גאַנץ באַרעכטיקט, וואָרעם אויסזעצן אַ בוך איז אַ גאַנץ חשובֿ שטיקל אַרבעט. שפּעטער האָט מען גענומען ניצן, אַפֿילו אין העברעיִשע ספֿרים, דעם אויסדרוק: „הבחור הזעצער".

קיין שַער־בלעטער האָבן די אינקונאַבלען בדרך־כּלל ניט געהאַט, דער ספֿר האָט זיך אָנגעהויבן באַלד אויף דער ערשטער זײַט; אַ מאָל פֿלעגט מען איבערלאָזן די ערשטע זײַט אַ ווײַסע און אָנהייבן דעם טעקסט פֿון דער צווייטער זײַט, אָבער קיין טיטל אַלץ ניט שטעלן.

ווען מען האָט אָנגעהויבן דרוקן לשון־קוֹדש, האָבן די שריפֿטגיסערס אויסגעפֿאַרטיקט עטלעכע מינים דרוק־שריפֿט: געכתיבֿהטע אותיות ממש (דאָס האָט מען געניצט דער עיִקר פֿאַר קעפּלעך), קלענערע כּתיבֿה (פֿאַר די הייליקע טעקסטן) און רשי־כּתבֿ (ס'רובֿ פֿאַר טעקסטן וואָס זײַנען ניט אַזוי חשובֿ, אַ שטייגער פּירושים). פֿאַרשיידענע דרוקן האָבן זיך אָבער געלאָזט אויף פֿאַרשיידענע וועגן; פֿאַראַן

צווישן די העברעיִשע אינקונאַבלען אויך אַזוינע וואָס ברענגען הייליקע טעקסטן מיט רשי־כּתבֿ.




דער דרוקער־צייכן פֿון דער מישפּחה סאָנטשינאָ

געמעל 78

פֿון די דרוקערס וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט שיינע העברעיִשע דרוקווערק דאַרף מען ספּעציעל דערמאָנען צום גוטן די מישפּחה סאָנטשינאָ. זייער פֿאַמיליע־נאָמען האָבן זיי אָנגענומען פֿון דער שטאָט סאָנטשינאָ, וווּ זיי האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן אין 1483. זיי אַליין האָבן ניט ווינציק געשטאַלצירט מיט זייער אַרבעט. צום סוף פֿון אַ ספֿר וואָס זיי האָבן אָפּגעדרוקט אין 1485 האָבן זיי אַרײַנגעשטעלט אַ זאַץ וואָס ברענגט אַרויס זייער גדולה. זיי האָבן גענומען דעם פּסוק פֿון ישעיה ב, ג: כּי מצִיון תֵּצא תּורה ודבַר יהוה מירושלָים („וואָרעם פֿון ציון וועט אַרויסגיין אַ תּורה און גאָטס וואָרט פֿון ירושלים") און האָבן אים איבער־

געמאַכט אַזוי: „כי מציון תצא תורה ודבר יהוה משונצינו״
אַזוי גרויס זײַנען זיי געווען ביי זיך מיט זייער אויפטו!

שפּעטער האָבן זיי געהאַט דרוקן אין פאַרשיידענע אַנדערע שטעט, נאָר דער נאָמען סאָנטשינאָ (געשריבן האָבן זיי עס: שונצינו) איז ביי זיי געבליבן.

## מען הייבט אָן דרוקן יידיש

יידיש האָט מען מיסתמא גענומען דרוקן אַ ביסל שפּעטער, שוין אין אָנהייב 16טן יאָרהונדערט. מיר מוזן זאָגן „מיסתמא״, ווײַל וועגן די עלטסטע יידישע ביכער ווייסן מיר גאָרניט. באַלד וועט איר הערן.

אין 1514 האָט איינער בעשענשטיין, אַ קריסט, אַרויסגעגעבן כּללים פון לייענען און אויסלייגן יידיש און

**די עלטסטע געדרוקטע ווערטער אין יידיש זײַנען צו אונדז דערגאַנגען פון יאָר 1514**

העברעיש. אין דעם ביכל, וואָס מיר וועלן עס נאָך באַלד דערמאָנען, זײַנען אָפּגעדרוקט אַ פּאָר ווערטער אין יידיש אויך.



דער דרוקער־צייכן פון דער מישפּחה גרשוני אין פּראָג. דער עלטסטער פון דער מישפּחה, גרשם כהן, האָט געדרוקט די פּראָגער הגדה פון יאָר 1526

ג ע מ ע ל 80




די שטעט, ווו עס זײַנען אין 15טן י״ה געווען יידישע דרוקערײַען

ג ע מ ע ל 81




די שטעט, ווו עס זײַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן (ביזן יאָר 1546) די פּרטצן עלטסטע דרוקווערק אין יידיש

אין קײַקעלע לעבן דעם נאָמען פון דער שטאָט שטייט די צאָל דרוקווערק וואָס איז דאָרטן געדרוקט געוואָרן

אלמעכטיגר גט בויא דיין טעמפל שירי אלזו שיר אין אונזרן טג
טאגן שירי יא שירי ׃ ברמהערציגר גט גרעכטר גט
דעמטיגר גט דוכער גוט וירדיגר גט
ועכמטר גט חענטר גוט טרויטר גט
יודן גוט פרפטיגר גט ועבדיגר גט
מעכטיגר גט באמהפטיגר גט עיביגר גוט
פארכטומר גוט צארטר גוט קריגליכר גט
רייכר גט שטורקר גוט רוביסט גט
אנג ניטט מער אוב בויא דיין טעמפל שירי אלזו שיר אין אונזרן
טאגן שירי יא שירי ׃

פֿון דער פּראָגער הגדה פֿון יאָר 1526:
דאָס עלטסטע שטיקל דרוק אין ייִדיש, וואָס איז באַוווּסט
גע מעל 82

אויף געמעל 82 זעט איר דאָס עלטסטע געדרוקטע שטיקל טעקסט אין ייִדיש, וואָס איז באַוווּסט. ס'איז פֿון יאָר 1526. ס'איז אַ פֿרום ליד, און עס שטייט צום סוף פֿון אַ פּרעכטיק געדרוקטער הגדה וואָס איז אַרויס אין דעם דערמאָנטן יאָר

**דאָס עלטסטע געדרוקטע שטיקל טעקסט אין ייִדיש, וואָס איז צו אונדז דערגאַנגען, איז פֿון יאָר 1526**

אין פּראָג אין דער גערימטער דרוק פֿון גרשם כהן. אָבער די גאַנצע הגדה איז אין לשון־קודש, אַחוץ די צען שורות איז דאָרטן מער קיין איין וואָרט ייִדיש ניטאָ.[1]

---

[1] וועגן דעם ליד קענט איר געפֿינען פּרטים אין: מ. ווײַנרײַך, בילדער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור־געשיכטע, ווילנע 1928, ז' 53.

## דער ספר מרכבת המשנה

אויב ניט רעכענען אָט די פּראָגער הגדה, איז דאָס עלטסטע בוך אין ייִדיש, וואָס מיר קענען, אַ העברעיִש־ייִדיש ווערטערבוך אויף תּנך „מִרְכֶּבֶת הַמִשְׁנֶה”, געדרוקט אין קראָקע אַרום 1534. פֿאַר וואָס מוזן מיר זיך באַוואָרענען אַזוי פֿיל: „וואָס איז אונדז באַוווּסט”, „וואָס מיר קענען”? מחמת טאַקע אין דער הקדמה צו דעם ווערטערבוך שטייט, אַז ביז יענער צײַט זײַנען שוין אַרויס אַ סך ביכער אין ייִדיש. טאָ ווו זשע זײַנען זיי אַהינגעקומען? עס קען געמאָלט זײַן נאָר איין תּשובֿה: זיי זײַנען צו אונדז ניט דערגאַנגען, זיי זײַנען פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. בײַ אַ גירוש, אַ שׂרפֿה, אַ פֿאַרפֿלייצונג האָט מען קודם־כּל געכאַפּט ראַטעווען די סאַמע הייליקע, די לשון־קודשע ספֿרים; און חוץ דעם האָט מען טאַקע די ביכער אין ייִדיש מער גענוצט, האָט מען זיי אָפּט „צעלייענט” אויף פּיץ־פּיצלעך.

אויפֿן ערשטן זײַטל פֿון ספֿר — קיין שער־בלאַט מיט אַ טיטל איז ניטאָ — זײַנען אָפּגעדרוקט פֿיר הערבן. אויבן איז דער ליטווישער הערב (אַ רײַטער אויף אַ פֿערד). לינקס אין מיטן איז דער פּוילישער אָדלער. רעכטס (אַ שלאַנג מיט אַ מענטש אין מויל) איז דער הערב פֿון דער איטאַליענישער פֿאַמיליע ספֿאָרצאַ; דאָס האָבן די דרוקערס אַרויפֿגעשטעלט לכּבֿוד דער קיניגין באָנאַ, פֿון דער מישפּחה ספֿאָרצאַ; זי איז געווען די פֿרוי פֿונעם פּוילישן קיניג זיגמונט דעם אַלטן, וואָס אין דער צײַט פֿון זײַן קיניגן איז אַרויס דער ספֿר. גאָר אונטן איז דער הערב פֿון דער שטאָט קראָקע. אויפֿן אָרנאַמענט[1] צווישן די הערבן איז אָנגעשריבן

[1] אויף לאַטײַן הייסט ornare באַצירן, ornamentum—באַצירונג.



דאָס ערשטע זײַטל פֿון „מרכּבֿת המשנה"

געמעל 83

אויף לשון־קודש: „מלך מלכי מלכים ירים ויגביה כוכב מערכתם״ — „דער קיניג פון די קיניגן איבער די קיניגן זאָל דערהייבן און דערהייכן דעם שטערן פון זייער מערָכה״.[1]

דאָס אַלץ קענט איר זען אויף געמעל 83.

איצטער גיט אַ קוק אויף געמעל 84, ווו איר האָט אַ זײַטל פונעם ווערטערבוך גופא. איר זעט, אַז עס איז אײַנגעאָרדנט אויף אַ מאָדנעם אופן: ס'איז געגעבן ניט דער שורש פון אַ וואָרט, נאָר דאָס וואָרט אין אַלע פאָרמען זײַנע וואָס באַגעגענען זיך אין תנך. אַ ווערטער־בוך וואָס גיט אַלע פאָרמען (מיט אָן אָנווײַז, ווו זיי שטייען) רופט זיך קאָנקאָרדאַנץ. אין אַ פשוטן ווערטערבוך וואָלט געשטאַנען תּפֹש און געַנוג, אויף אַלע ארויסגעפירטע פאָרמען וואָלט מען זיך שוין אַליין געמוזט אָנשטויסן. דאָ אָבער געפינט איר (אין צווייטן סלופיקל) ניט ווינציקער ווי זיבן פאַרשיידענע פאָרמען פונעם וואָרט, און איטלעכע באַזונדער פאַרטײַטשט.

נאָר ניט דאָס אַרט אונדז איצטער צום מערסטן. מיר ווילן דאָך וויסן די געשיכטע פון שריפט. איז קוקט זיך אײַן אין די אותיות, מיט וועלכע „מרכבֿת המשנה״ איז געדרוקט. די לשון־קודשע ווערטער גייען מיט כתיבֿה; דערויף האָבן מיר זיך געריכט. אָבער די יִדישע ווערטער און די מַראה־מקומות[2] זײַנען געדרוקט מיט אַ סאָרט דרוקשריפט וואָס מיר האָבן ביז איצט ניט געזען און וואָס מיר וועלן

---

[1] ווענן דער „מִרכֶּבֿת המִשנה״ איז געווען געדרוקט ב. שלאָסבערגס אַן ארבעט אין זשורנאַל „ייִוואָ־בלעטער״ באַנד XIII, נומ׳ 3-4, זז׳ 313-324.

[2] מַראה־מָקום — אין רבים: מַראה־מקומות — רופט מען דעם אָנווײַז אויף אַן אָרט, ווו אַ וואָרט (אָדער אַ פסוק) געפינט זיך.

אָנרופֿן: געדרוקטער מעשׂיט.[1] מיט אַט דעם געדרוקטן מעשׂיט האָט מען געזעצט כּמעט אַלע ייִדישע ביכער שיִער ניט ביז אין 19טן י״ה אַריַין.

## דער ספֿר „מוסר און הנהָגה״

דאָס צווייטע ווערק אין ייִדיש — לאָמיר ווידער צוגעבן פֿון זיכערקייט וועגן: פֿון די וואָס זיַינען צו אונדז דערגאַנגען — איז אַ ספֿרל מיטן נאָמען „מוסר און הנהָגה״. ס׳איז איבערגעזעצט פֿון לשון־קודש אויף ייִדיש. אין לשון־קודש איז דאָס געשריבן אַרום 1300, אין ייִדיש איז דאָס אָפּגעדרוקט געוואָרן אין קראָקע אין דער זעלביקער דרוק, ווו ס׳האָט זיך געדרוקט דער „מרכּבֿת המשנה״. דער מחבר איז יענער רבינו אָשר, וואָס פֿון אים האָבן מיר פֿריִער אויף ז׳ 177 געבראַכט דעם זאַץ, אַז ס׳איז פֿאַראַן אַ גרויסער חילוק פֿונעם שפּאַניש־ייִדישן כּתבֿ ביזן דיַיטש־ייִדישן. דאָ איז שוין פֿאַראַן אַ מין שער־בלעטל: פֿריִער גייט דער הערב פֿון דער שטאָט קראָקע — מיר האָבן אים אויפֿן שער פֿון „מרכּבֿת המשנה״ גאָר אונטן — און אונטער דעם דער טעקסט וואָס איז רעפּראָדוצירט אויף געמעל 85.

ווען עס האָבן זיך שוין באַוויזן שער־בלעטער אויף ביכער (סיַי אין ניט־ייִדישע ביכער, סיַי אין ייִדישע און אין העברעיִשע) זיַינען זיי ניט געווען אַזוי ווי אין היַינטיקע ביכער: דער שער האָט פֿאַר איינס געגעבן אַ קורצן אינהאַלט, געלויבט דאָס בוך און דעם מחבר, אַ מאָל אויך

---

[1] אַמאָליקע ציַיטן פֿלעגט מען דאָס רופֿן (זע ז׳ 181): וויַיבער־טיַיטש.

# דען מוסר אונ הנהגה

ווי זיך איין מענש הלטן זול    די הוט גימכט הרב
רבינו אשר זכר צדיק לברכה דעם רבינו יעקב ווטר
דער די ארבע טורים גימכט הוט /    אונ׳ דער
עש ניט אלש גר שטין קאן אין לשון הקודש    דא הוט
ער עש היפש וואל מפורש טויטש דש איין איטליכר
ווישן זאל וואש ער טון זול אונ׳ וואו פאר ער זיך זול
היטן דש ערש ניט טון זול    אונ׳ אויך
איין היפשן מוסר דער הייסט קערת כסף דען הוט
גימכט רבי יוסף בון פרפיניאן    אונ׳ הוט עש
גישיקט זיין זון אז נון אין זייגר הקדמה שטיט

דאָס שַער־בלעטל איז פֿאַרשטייט זיך געדרוקט, פּונקט ווי דאָס גאַנצע ספֿרל, מיטן אויסלייג וואָס איז געווען אָנגענומען אין 16טן יאָרהונדערט. אָט איז דער זעלביקער טעקסט נאָך אַ מאָל — לויט דער אויסשפּראַך פֿון יענער צײַט, אָבער מיט אונדזער הײַנטיקן אויסלייג און מיט אונדזערע הײַנטיקע אָפּטײל־צייכנס, עס זאָל זײַן גרינגער צו לייענען:

## דען מוסר און הנהָגה

ווי זיך אַ מענטש האַלטן זאָל. די האָט געמאַכט הרבֿ רבֵינו אָשר זֵכר צַדיק לבֿרָכה, דעם רבֵינו יעקבֿ פֿאָטער, דער די אַרבע טורים געמאַכט האָט. און דער עס ניט אַלץ פֿאַרשטיין קאָן אין לשון־קודש, דאָ האָט ער עס היפּש וואָל מפֿורש טײַטש, דאָס אַן איטלעכער וויסן זאָל, וואָס ער טון זאָל און וואָפֿיר ער זיך זאָל היטן, דאָס ער׳ס ניט טון זאָל. און אויך אַ היפּשן מוסר דער הייסט קַערת כֶּסף, דען האָט געמאַכט רבי יָוסף פֿון פּאַרפֿריינע און האָט עס געשיקט זײַן זון, אַז נון אין זײַנער הקדמה שטייט.

הנהגה — אויפֿפֿיר. מוסר און הנהגה — לערנונג וועגן אויפֿפֿיר. רבינו אָשר איז געווען אַ גרויסער מלומד, געלעבט פֿון בערך 1250 ביז 1327; זײַן זון איז געווען רבינו יעקבֿ, דער מחבר פֿון די „ארבע טורים" („פֿיר שורות"), ווו ס׳זײַנען צונויפֿגענומען און אויסגעסדרט די דינים און מינהגים פֿון דער ייִדישער אמונה. היפּש — פֿײַן. וואָל — וואויל. מפֿורש — אויסגעטײַטשט. טײַטש — דער אַלטער נאָמען פֿון דער ייִדישער שפּראַך. וואָפֿיר — פֿאַר וואָס, פֿון וואָס. פּאַרפֿײַנע — דער מיטל־עלטערשער ייִדישער נאָמען פֿון דער שטאָט פּערפּיניאַן אין די פֿראַנצייזישע פּירענעען. אַזנון — אָט אַזוי ווי.

געהייסן עס קויפֿן וואָס גיכער, איידער מען האָט עס אויסגעכאַפּט.

דאָס וואָרט שַׁער גופֿא איז אַ העברעיִזם; שַׁער הייסט אויף העברעיִש „טויער". ס'איז דער טויער, דער אַריַינגאַנג, צום בוך; גאַנץ אָפֿט איז אויף די שַׁער־בלעטער פֿון עלטערע ספֿרים טאַקע אויסגעמאָלט אַ טויער אַזוי ווי אַ רעם אַרום דעם גאַנצן זײַטל, און אין דער רעם קומט דער טיטל און די באַשרײַבונג פֿונעם ספֿר. טייל מאָל איז אויך צוגעשריבן: „זֶה הַשַּׁעַר לַה' צַדִּיקִים יָבֹאוּ בוֹ" — „דאָס איז דער טויער פֿון גאָט, די גערעכטע זאָלן אַרײַנגיין אין אים".[1]

נאָך אַ כאַראַקטעריסטישער סימן פֿון די עלטערע ביכער אין ייִדיש: גאַנץ אָפֿט האָבן זיי אַ העברעיִשן נאָמען; דורך דעם דערנעענטערט מען זיי צו דער „שפּראַך פֿון דער הייליקייט" און ממילא מאַכט מען זיי מער חשובֿ לויט די השׂגות פֿון יענער צײַט. די זעלבע זאַך האָט מען אויף פֿראַנצייזישע, דײַטשע, ענגלישע, פּוילישע ביכער אָפֿט פֿון פֿאַראַד וועגן געגעבן לאַטײַנישע טיטלען.

דער „מוסר און הנהגה" שטעלט זיך צונויף פֿון 155 אויפֿפֿיר־כּללים, אַ שטייגער (מיר גיבן דאָס אין אונדזער

[1] דאָס איז אַ פּסוק פֿון תּהילים קיח, כ.— דעם איבערשטראָך בײַם ה שטעלן פֿרומע ייִדן וואָס ווילן ניט אַרויסשרײַבן אין גאַנצן גאָטס נאָמען: אין תּהילים שטייט טאַקע „יהוה", אָבער אויפֿן שַׁער־בלאַט איז דאָס אָרט ניט אַזוי הייליק, מען זאָל דאָ מעגן ברענגען דעם פֿולן נאָמען. אַרויסריידן ווערט דאָס אַ פֿרומער ייִד ניט „אַדוֹנָי", נאָר „אַדוֹשֵׁם".

ווי באַלד שַׁער־בלאַט = טויערבלאַט, אַרײַנגאַנג־בלאַט, איז שוין קלאָר, אַז מען דאַרף עס אַרויסריידן מיטן קלאַנג אַ, ניט מיטן קלאַנג ע.

הײַנטיקער שפּראַך, ניט אין דער שפּראַך פֿון 16טן י״ה): מען זאָל פֿון יעטווידער רֶווח אַראָפּנעמען מַעשׂר פֿאַר אָרעמע לײַט; מען זאָל געבן צדקה איצטער וויפֿל מען קען, ווײַטער נאָך יעטווידער חודש צוויי גראָשן און סוף יאָר אָנדערטהאַלבן גילדן; מען זאָל דאַוונען אַלע טאָג בײַ נאַכט און אין דער פֿרי מיט קהל, און אַזוי ווײַטער. יעטווידער כּלל גייט פֿריִער אין לשון־קודש, דערנאָך אין ייִדיש.— נאָך די אויפֿפֿיר־כּללים איז נאָך צוגעגעבן די איבערזעצונג פֿון אַ מוסר־ליד „קְעָרַת כֶּסֶף״ (אַ זילבערנע שיסל), געשריבן פֿון יוסף פֿון פֿאַר־פּריינע אין 13טן י״ה.

## דער ספֿר „אַזְהָרַת נָשִים״

דאָס דריטע ווערק אין ייִדיש, וואָס מיר ווייסן, רופֿט זיך „אַזהָרַת נָשים״—„אַ וואָרענונג פֿאַר פֿרויען״. ס׳איז וועגן די מיִצוות וואָס פֿרויען דאַרפֿן אָפּהיטן. ס׳איז אויך געדרוקט אין קראָקע אין דער זעלביקער דרוק וואָס די אָקערשט דערמאָנטע צוויי ספֿרים; מען האָט עס געענדיקט דרוקן 24 טעג אין איִיר ה׳רצה (=5295), וואָס דאָס מיינט דעם 28טן אַפּריל 1535.

## די „באַבע־מעשׂה״

די אַלע ספֿרים, וועגן וועלכע מיר האָבן גערעדט ביז איצטער, האָבן געהאַט אַ רעליגיעזן כאַראַקטער. דאָס עלטסטע געדרוקטע בעלעטריסטישע ווערק וואָס איז צו אונדז דערגאַנגען איז די „באָבע־מעשׂה״.

ווען איך זאָג הײַנט אַן איינעמסער צו מײַן חבֿר: „וואָס דערציילסטו מיר באָבע־מעשׂיות?״, מיינט דאָס: דריי מיר ניט קיין קאָפּ מיט מעשׂיות וואָס ניט געשטויגן ניט

# דאָס שַער־בלעטל פֿון דער ערשטער אויסגאַבע
# פֿון דער „באָבע־מעשׂה״, פֿונעם יאָר 1541

דאָס שַער־בלעטל איז פֿאַרשטייט זיך געדרוקט, פונקט ווי דאָס גאַנצע בוך, מיטן אויסלייג וואָס איז געווען אָנגענומען אין 16טן יאָרהונדערט. לינקס איז געגעבן דער זעלביקער טעקסט נאָך אַ מאָל לויט דער אויססשפּראַך פֿון יענער צײַט, אָבער מיט אונדזער הײַנטיקן אויסלייג און מיט אונדזערע הײַנטיקע אָפּשטעל־צייכנס, עס זאָל זײַן גרינגער צו לייענען:

בָבָא דְאַנְטוֹנָא
היישט דש בוך אין הופש גֵ
טרעכט · מן קענט וואו
אליה בחורש גֵ
מעכט :
איז ווארדן
גֵדרוקט
צו
אייזנה אין דער שטאט · אונ
אֵלִיָה הַמְחַבֵר איז גְליך
דש פרט :

באָווָאָ דאַנטאָנאַ הייסט דאָס בוך. אַ היפּש געטרעכט, מען קענט וואָל אֶליה בָחורס געמעכט. איז וואָרן גע־דרוקט צו אײַזנע אין דער שטאָט, און אֶליה הַמחַבר איז גלײַך דאָס פּרט.






היפּש — פֿײַן. געטרעכט — צוטראַכטעניש. קענט — דער־קענט. געמעכט — מאַכונג, אַרבעט. צו — אין. דאָס פּרט — די צײַט־רעכענונג.

געצמעל 86

געפּלויגן. פֿרעגט ביי אַ ייִדן פֿון אַ גאַנץ יאָר, וואָס עפּעס דווקא „באָבע־מעשׂה“, וועט ער אייך זאָגן: אַלטע באָבעס האָבן אַ טבֿע צו דערציילן זייערע אייניקלעך מעשׂיות.

אין דער אמתן וואַקסט דער אויסדרוק גאָר פֿון ערגעץ אַנדערש. „באָבע־מעשׂה“ פֿלעגט מען אַ מאָל אַרויסריידן „באָווע־מעשׂה“, און עס האָט געמיינט: די מעשׂה וועגן בָּבֶא (באָווע), אַ באַהאַרצטער העלד וואָס האָט אומגעוואָגלט אַ לאַנגע צייט, ביז וואַנען ער איז צוריק געקומען אַהיים צו זיך אין זיין שטאָט אַנטאָנע און גענומען קיניגן דאָרטן.

דאָס איז אַ לאַנגער ראָמאַן אין פֿערזן, אויף עטלעכע הונדערט זייטלעך, וואָס איז סוף מיטל־עלטער געווען פֿאַר־שפּרייט אין גאַנץ אייראָפּע.

אין יאָר 1507 האָט אליה בחור דאָס איבערגעזעצט פֿון איטאַליעניש אויף ייִדיש. אליה בחור, שפּעטער דער גרויסער מדקדק, איז קענטיק אין זיינע יונגע יאָרן געווען אַ וואַנדערנדיקער זינגער, און „בָבָא“ איז איינע פֿון די זאַכן וואָס ער פֿלעגט אַליין זינגען פֿאַר עולם; אַז צום ווערק איז געווען אַ ניגון, שטייט אין דער הקדמה. אין 1541, ווען ער איז שוין אַלט געווען 72 יאָר, האָט אליה בחור אָפּגעדרוקט דעם ראָמאַן אין פּוילוס פֿאַגיוסעס דרוק אין איזנע. אויף געמעל 86 זעען מיר דאָס שער־בלעטל. דאָס ווערק הייסט דאָ „בָבָא דְאַנטוֹנָא“.[1] אין די אויסגאַבעס פֿון 17טן און 18טן יאָרהונדערט הייסט עס שוין: „בבא בוך“, און סוף 18טן י״ה באַווייזט זיך

---

[1] אַרויסצוריידן: באָווא דאַנטאָנע. ס׳איז פּינקטלעך נאָכגעמאַכט דער איטאַליענישער טיטל Buovo d'Antona — בָבָא פֿון אַנטאָנע. אליה בחורן איז אפֿשר נאָך געפֿעלן געוואָרן, וואָס אויך אין אַרמיש איז דְ־ דער טייטש: פֿון.

שוין דער נאָמען: „בבא מעשה״, וואָס דערפֿון איז געוואָרן אונדזער הײַנטיקע אויסשפּראַך באָבע־מעשה. מען האָט דאָס געדרוקט צענדליגער מאָל, און װאַרשעװער פּאַקן־טרעגערשע אַרויסגעבערס דרוקן דאָס נאָך איבער שיִער ניט ביז הײַנט.

גיט אַ קוק אויפֿן שער פֿון דער ערשטער אויסגאַבע (געמעל 86). עס שטייט דאָרטן, אַז ס'איז געדרוקט 1541? ניין. טאָ פֿון וואַנען האָבן מיר עס גענומען? פֿון די ווערטער: „אליה המחבר איז גליך דש פרט״.

דאָס איז זייער אַ וויכטיקער עִנין. וועלן מיר דעריבער לאָזן אויף אַ ווײַלע אונדזערע אַלטיִדישע ספֿרים און פֿרעגן אַ פֿראַגע:

### ווי אַזוי רעכנט מען איבער די יאָרן?

די יאָרנצאָל הייסט אין דער יִדישער טראַדיציע פּרט. פֿאַראַן אַ פּרט גדול (גרויסער פּרט) און אַ פּרט קטן (קליינער פּרט). גרויסער פּרט מיינט, אַז מיר רעכענען צו די טויזנטער אויך, אַ שטייגער ווי מיר האָבן אויף ז' 206 אָנגעשריבן ה'רצה, וואָס דאָס האָט געמיינט: 5295; מיט אַנדערע ווערטער: 5295 יאָר פֿון זינט ס'איז, לויט דער יִדישער טראַדיציע, באַשאַפֿן געוואָרן די וועלט. בײַם קליינעם פּרט וואָלט מען דאָס אָנגעשריבן רצה (=295), אויסן לאָזנדיק די טויזנטער.

אויב עס איז ניטאָ דער מינדסטער ספֿק, קען מען אָנרופֿן אַ יאָר בקיצור. ווען מיר הערן למשל: „אין 14טן יאָר, בשעת עס האָט זיך אָנגעהויבן די וועלט־מילחמה...״ וועלן מיר ניט איבערפֿרעגן, ווײַל מיר ווייסן אַליין, אַז דאָס

איז געוועןֹ אין **1914**. דאָס זעלבע איז מיטן ייִדישן חשבון יאָרן: אויב מען רעדט וועגן אונדזער טויזנט (פֿולע פֿינף טויזנט), רופֿט מען ס׳רובֿ אָן דאָס יאָר אָן די טויזנטער (לפּרט קטן), און די טויזנטער האַלט מען אין זינען.

„לפּרט קטן״ שרײַבט מען ווי אַ ראָשי־תּיבֿות: לפּ״ק, און מען רעדט עס אַרויס ווי אַ באַזונדער וואָרט: לֶפַּק,[1] מיטן אַקצענט אויפֿן פּ.

דאָס ייִדישע יאָר, וואָס זײַנע חדשים גייען פֿון תּישרי ביז אֱלול, דעקט זיך ניט מיטן אַלגעמיינעם יאָר יאַנואַר—דעצעמבער; תּישרי געפֿאַלט דאָך אין האַרבסט; און דעריבער שנײַדן זיך איבער ביידע רעכענונגען. אָט גיבן מיר אַ קוק אין אַ לוח פֿון דעם יאָר, ווען אָט דאָס בוך ווערט געשריבן: אָדער מיר זעען ת ר צ ט = 1939/1938, אָדער 1938 = ת ר צ ח/ת ר צ ט. תּרצט ציט זיך פֿון סעפּטעמבער 1938 ביז סעפּטעמבער 1939; 1938 ציט זיך פֿון טבֿת תּרצח ביז טבֿת תּרצט. אָבער אויב עס גייט אונדז ניט אַזוי שטאַרק אין די חדשים, רעכנט מען פֿון האַנטיקייט וועגן תּרצט = 1939; דאָס איז איבער דעם וואָס ביידע צאָלן ענדיקן זיך אויף

[1] וועגן ראָשי־תּיבֿות זע ווײַטער, אין לעצטן קאַפּיטל. „עַד לפּק״ הייסט אין ייִדיש: ביזן סוף, אָן אַן איבערבלײַב. אַ שטייגער דערציילט טבֿיה דער מילכיקער אין „אַ בוידעם״: „בקיצור, אויסגעפּאַרקויפֿט אין גאַנצן, עַד לפּק״. פֿון וואַנען נעמט זיך אַזאַ מאָדנער טײַטש פֿונעם ראָשי־תּיבֿות לפּק? פֿון ז. קלמנאָוויטשן האָב איך געהערט אַן אויסטײַטשונג וואָס לייגט זיך מיר שטאַרק אויפֿן שׂכל. אין דאָקומענטן (אַן אָפּמאַך, אַ התחייבֿות אד״גל) פֿלעגט מען פֿריִערדיקע צײַטן שטעלן גאָר צום סוף די דאַטע לפּ״ק; איז אויסגעקומען, אַז לפּ״ק איז אויף אַ דאָקומענט דאָס לעצטע, דער סוף, און ממילא האָט „לפּק״ גופֿא באַקומען דעם טײַטש: סוף.

9, איז גרינגער צו מאַכן די אָפּעראַציע פֿון חיסור. און דעם חיסור דאַרפֿן מיר אָט צוליב וואָס:

אויב מיר ווייסן, אַז דאָס יאָר ה׳תּרצט=5699 איז דאָס זעלבע וואָס 1939 נ״ק, איז דאָס יאָר פֿינף טויזנט פּונקט (ה׳) דאָס זעלבע וואָס 1240 נ״ק. איצטער לאָמיר באַרעכענען, וויפֿל וועט זײַן לויט דער אַלגעמיינער רעכענונג דאָס יאָר ה׳תּח (=5408). זייער פּשוט: אויב ה׳ איז 1240 איז ה׳תּח 1240+408=1648. וויפֿל איז ה׳רצה (=5295)? ווידער אַ מאָל: אויב ה׳ איז 1240, איז ה׳רצה 1240+295=1535. אַנדערש געזעדט, מיר באַקומען אַזאַ כּלל: אויב מיר האָבן אַ ייִדישע יאָרנצאָל מיט פֿולע פֿינף טויזנט און מיר ווילן זי איבערפֿירן אויף דער אַלגעמיינער צײַט־רעכענונג, דאַרף מען צו דער ייִדישער יאָרנצאָל, אָן די טויזנטער, צוגעבן 1240.

אויב אָבער מיר ווייסן בפֿירוש, אַז מיר האָבן צו טון מיט די ערשטע פֿיר חדשים פֿון ייִדישן יאָר (ביזן קריסטלעכן נײַיאָר), דאַרף מען צוגעבן ניט 1240, נאָר 1239.

רעכנט איצט אויס, וויפֿל עס באַטרעפֿט לויט דער אַלגעמיינער צײַט־רעכענונג: ה׳קיא? ה׳שן? ה׳תּקעג?

אויב עס גייט וועגן אַ יאָרנצאָל וואָס איז געווען פֿריִער ווי די פֿולע פֿינף טויזנט, דאַרף מען באַרעכענען אַנדערש. אַדרבא, געפֿינט אַליין אויס די פֿאָרמל און רעכנט איבער אויף יאָרן פֿון דער אַלגעמיינער צײַט־רעכענונג: ד׳תּק, ד׳יא, ד׳, ג׳תּקעג, ב׳תּרסט. דער ערשטער קרייצצוג, פֿון וועלכן ייִדן האָבן אַ סך געליטן, איז באַוווּסט אין די ייִדישע קראָניקעס פֿון מיטל־עלטער אונטערן נאָמען גזרת תּתנו;

וויפֿל באַטרעפֿט דאָס לויט דער אַלגעמיינער רעכענונג, אויב מיר ווייסן, אַז לויטן פּרט גדול וואָלט מען דאָס געדאַרפֿט אָנשרייַבן ד׳תתנו?

איצטער אַ פּאָר אויפֿגאַבעס אויף פּאַרקערט. יצחק־לייבוש פּרץ איז געבוירן געוואָרן אין 1852; ווי אַזוי איז דאָס ייִדישע יאָר? די ערשטע ייִדישע צײַטונג „קוראַנטן״ איז אַרויסגעגאַנגען אין אַמסטערדאַם צוויי מאָל אַ וואָך אין 1686–1687; די ייִדישע יאָרן? אין וואָסער ייִדישן יאָר איז אויפֿגעדעקט געוואָרן אַמעריקע? אין וואָסער ייִדישן יאָר איז געשטאָרבן רש״י (זע ז׳ 177)? אין וועלכן יאָר, לויט דער ייִדישער רעכענונג, איז חרובֿ געוואָרן דער צווייטער בית־המקדש (70 נ״ק)? אין וואָסער ייִדישן יאָר (458 פּ״ק) איז עזרא הסופֿר אַוועק פֿון בבֿל קיין ירושלים?

ערשט איז נאָך וויכטיק צו וויסן, אַז ניט אַלע מאָל ווערט דאָס ייִדישע יאָר אָנגעוויזן פּשוט, ווי אין די ביז־איצטיקע דוגמאות. אַ מאָל ניצט מען דעם וועג פֿון גימטריאות. גימטריא[1] איז אַזאַ המצאה: מען רעכנט אותיות פֿאַר ציפֿער. אַ שטייגער אין בראשית יד, יד שטייט, אַז אַבֿרהם איז אַרויס קעגן זײַנע שׂונאים מיט 318 מאַן. מאַכט רש״י, אַז ער האָט מיטגענומען ניט מער ווי אליעזרן אַליין; וואָרעם אליעזר=1+30+10+70+7+200 = 318. דאָס פֿאָרמולירט מען אַזוי: אליעזר איז בגימטריא[2] 318. אַ מאָל קען איין וואָרט זײַן בגימטריא אַ צווייט וואָרט. מען זאָגט למשל: „יין [ווײַן] איז בגימטריא

[1] אַרויסצורעדן: גימאַטריע, אין מערצאָל: גימאַטריעס; אַקצענט אויפֿן אַ.

[2] אַרויסצורעדן: בעגומאַטריע (דאָס הייסט: אין גימטריא).

סוד.״ יין = 10+10+50 = 70; סוד = 60+6+4 = 70; און מען טײַטשט דאָס: דאָרטן וווּ עס גייט אַרײַן ווײַן (וווּ מען שיכּורט זיך אָן), איז אויס סוד.

דעם ערשטן שטייגער גימטריאות טרעפֿן מיר אָפֿט אויף שער־בלעטער פֿון ביכער אויף אָנצווײַזן דאָס דרוקיאָר. למשל אויף אליה בחורס בוך, וואָס זײַן שער איז רעפּראָדוצירט אויף געמעל 86, לייענען מיר: „אליה המחבר איז גלייך דש [=דאָס] פּרט.״ דאַרפֿן מיר איבערצײלן, וויפֿל באַטרעפֿט בגימטריא „אליה המחבר״: 1+30+10+5+5+40+8+2+200 = 301. קומט אויס, אַז דאָס בוך איז געדרוקט ה׳שא = 1541.

מיט אַזוינע המצאות האָבן אַמאָליקע מחברים ליב געהאַט צו באַפּוצן זייערע ווערק. דאָס רובֿ פֿלעגט זיי ניט געראָטן צוצוקלערן פּונקט די גימטריא. איז אָבער אַלץ געווען אַן עצה.

למשל:

בשנת ויהי דבר **שמואל לכל** ישראל לפ״ק.

ל ק מאַכט: לפּרט קטן; הייסט עס, אָן די טויזנטער; און ווײַטער דאַרף מען פֿאַרשטיין, אַז אַרײַננעמען אין חשבון דאַרף מען נאָר די פֿעט געדרוקטע אותיות. מאַכט דעם חשבון: 2+300+40+6+1+30+30+20+30=459 =תנ״ט. וואָס פֿאַר אַ יאָר איז דאָס לויט דער אַלגעמיינער רעכענונג?

אויף אַנדערע ספֿרים זײַנען די אותיות וואָס מען דאַרף אַרײַננעמען אין חשבון געדרוקט ניט מיט קיין פֿעטערע אותיות, נאָר עס שטייען איבער זיי שטערנדלעך אָדער

פֿינטעלעך. ווען מיר שרײַבן איבער די פֿריִערדיקע דוגמא אויף דעם אופֿן, וואָלט דאָס אויסגעזען אַזוי:

*** ***** *

בשנת ויהי דבר שמואל לכל ישראל לפ״ק.

## די פֿופֿצן עלטסטע געדרוקטע ביכער אויף ייִדיש

לאָמיר דאָ צונויפֿנעמען אַ ביסל אינפֿאָרמאַציע וועגן די פֿופֿצן עלטסטע ייִדישע דרוקווערק וואָס זײַנען אַרויס פֿאַר עטלעכע און דרײַסיק יאָר, פֿון 1514 ביז 1546.

קודם־כּל זײַנען מיר פֿאַרשטייט זיך פֿאַראינטערעסירט אין גאַנצע ייִדישע טעקסטן; אָבער ווײַל ס׳איז אַן אָנהייב־צײַט און מיר זײַנען לָהוט נאָך יעטווידער שטיקל דרוק, האָב איך אַרײַנגענומען אין דער רשימה עטלעכע לערנביכער און ווערטערביכער פֿון ייִדיש; דאָס זײַנען די נומערן 1, 3, 8.

אין דער צײַט ביז 1546 זײַנען אַרויס פֿון דרוק נאָך אַ צען ביכער, לאַטײַנישע, העברעיִשע און איינס אין דײַטש, וווּ ס׳ווערן געבראַכט כּללים פֿון אויסלייגן ייִדיש, באַמער־קונגען וועגן אָפּשטאַם פֿון איינציקע ייִדישע ווערטער אאַז״וו; נאָר יענע צען ביכער האָבן מיר שוין אַהער אין דער רשימה ניט אַרײַנגעשטעלט. איר וועט זיך באַקענען מיט זיי, בשעת איר וועט זיך פֿאַרנעמען מיט דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער פֿילאָלאָגיע.[1]

1514 אין בעשענשטיינס לערנבוך בשם ארבעה אותיות, געדרוקט אין אויגסבורג, דרום־דײַטשלאַנד, זײַנען אָפּגעדרוקט אַ פּאָר ווערטער אין ייִדיש. דאָס איז אַגבֿ, אויף וויפֿל מיר

---

[1] ס׳איז פֿאַראַן וועגן דעם מאַטעריאַל אין מײַן בוך: „שטאַפּלען״ (בערלין 1923), זז׳ 59—129, און אין פֿאַרשיידענע אויסגאַבעס פֿון ייִוואָ.

ווייסן, דער ערשטער פּרוּוו צו געבן אויסלייג־כּללים פֿון ייִדיש; די כּללים גופֿא זײַנען געגעבן אין לאַטײַן. (1)

1526 אין דער הגדה, געדרוקט בײַ גרשם כּהן אין פּראָג, איז געדרוקט דאָס ייִדישע רעליגיעזע ליד „אַלמעכטיקער גאָט" (זע די רעפּראָדוקציע אויף געמעל 82). (2)

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

[געוויס זײַנען געווען היפּש ביכער אין ייִדיש ביז 1534, וואָרעם אין דער הקדמה צום „מרכּבֿת המשנה", קראָקע 1534, שטייט, ווי ס'איז שוין דערמאָנט אויף ז' 199 (איך גיב דאָס אין אונדזער הײַנטיקער שפּראַך): „...ס'איז געוואָרן אַן אָנגענומענע זאַך, אַז מען גיט אַרויס אַלע פֿאַרבאָרגענע זאַכן און ספֿרים אויף ייִדיש, כּדי יעדער געמיינער מאַן זאָל פֿאַרשטיין...". אָבער צו אונדז זײַנען ניט דערגאַנגען קיין ביכער עלטער פֿון 1534, וואָס זאָלן זײַן אין גאַנצן אויף ייִדיש.]

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

1534 מַרכֶּבֶֿת המִשנה, דאָס ערשטע העברעיִש־ייִדישע ווערטערבוך, אַנאָנים, געדרוקט אין קראָקע אין דער דרוק פֿון די ברידער העליץ (זע געמעלן 83 און 84). (3)

1535 מוסר און הנהָגה, אַ מוסר־ספֿרל, פֿון רבֵּינו אָשר, דער ייִדישער איבערזעצער אַנאָנים, געדרוקט אין קראָקע אין העליצעס דרוק (זע געמעל 85). (4)

1535 אַזהָרת נָשִים, אַ מוסר־ספֿרל, אַנאָנים, געדרוקט אין קראָקע אין העליצעס דרוק. (5)

1541 בָּבֿא דאַנטונא, פֿון אליה בחור, געדרוקט אין איזנע (איסני) אין פּוילוס פֿאַגיוסעס דרוק (זע געמעל 86). (6)

1542 ספֿר מידות, אַ מוסר־ספֿר, אַנאָנים, געדרוקט אין איזנע (איסני) אין פּוילוס פֿאַגיוסעס דרוק (זע געמעל 90–91). (7)

1543 שמות דבָֿרים, פֿון אליה בחור, אַ ווערטערביכל פֿון ייִדיש—העברעיִש—לאַטײַן—דײַטש, געדרוקט אין איזנע אין פּוילוס פֿאַגיוסעס דרוק. (8)

1543 דאָס מלכים־בוך, אַ ייִדישע פּאָעמע פֿון סוף מיטל־
עלטער, אַנאָנים, אויפֿן שטייגער פֿון שמואל־בוך.
געדרוקט אין אויגסבורג, אין דער דרוק פֿון חיים
שוואַרצן. (9)

1544 סידור, איבערגעזעצט אויף ייִדיש פֿון יוסף בר יקר,
געדרוקט אין איכנהויזן, דרום־דײַטשלאַנד. (10)

1544 דאָס שמואל־בוך, אַנאָנים, געדרוקט — נאָך דעם
ווי ס'האָט שוין לאַנג געהאַט אַ שם בײַם עולם —
צום ערשטן מאָל אין אויגסבורג, אין דער דרוק פֿון חיים
שוואַרצן. (11)

1544 אַן איבערזעצונג פֿון חומש, געדרוקט אין קאָנסטאַנץ,
דרום־דײַטשלאַנד, אין דער דרוק פֿון פּוילוס פֿאַגיוסן, וואָס
זי האָט זיך אין 1543 געהאַט אַהער אַריבערגעטראָגן פֿון
אײַזנע. (12)

1544 אַן אַנדער איבערזעצונג פֿון חומש, געדרוקט אין אויגס־
בורג, דרום־דײַטשלאַנד. (13)

1545 אַן איבערזעצונג פֿון תהילים, אַרויסגעגעבן פֿון אליה
בחור אין דניאל באָמבערגס דרוק אין ווענעציע. (14)

1546 אַן איבערזעצונג פֿון ספֿר יוסיפֿון,[1] אַ היסטאָרישע
כראָניק פֿון זינט ס'איז באַשאַפֿן געוואָרן די וועלט ביז צווייטן
חורבן, געדרוקט אין ציריך (זע געמעל 87; פֿון דער
רעפּראָדוקציע זעט מען, אַז דאָס בוך איז אָפּגעדרוקט זייער
שיין, מיט לויטערע אילוסטראַציעס). (15)

---

[1] אַרויסגערעדט: יוויסיפֿן, מיטן אַקצענט אויפֿן ערשטן טראַף.

אין דיזם פרק ווירט דר צלט ווא דש ווערן גרושר
שטורם ווינט איז גוועזן אין דעם לאנד יהודה
אונ דיא שטרייטבן דיא דא גשעבן איז צווישן דעם קיניג
הורדוס אונ צווישן דעם קיניג ערב :

## פרק נג

ויהי בימים ההם · אונ עש וואר אין דען טאגן דען זעלבין אונ עש דר ציטרט דש לאנד אבר יהודה אונ עש ווארד אין שטורם ווינט אין גרושר אונ אין שטארקר דש זיינן גלייכן ניט וואר גוועזן פון דען טאגן דא ער געלעבט הט עזיהו דער קיניג יהודה אונ ביז אן דען טאג דען זעלבין אונ זיא שטארבן פיל פולק אין דעם לאנד יהודה פון דעם ניד פאלן דער שטיין אונ דער הייזרן אונ פון גרושר פורכט :

דער גרוש אונ דער דר שרעקליך שטורם ווינט דער דא גשעבן איז אין דעם לאנד יהודה אין דען טאגן דיש קיניגש הורדוס :



איך דא שטארבן פיל פיך אין דען טאגן דען זעלבין פון ד
דעם שטורם ווינט דעם זעלבין אונ איך פיל מאנן אונ ק
ווייבר אונ קליין קינדר דיא שטארבן אין ירושלים ביא צעהן

Mm

א זײַטל פֿון „יוסיפון", צירִיך 1546

פֿון די 15 דרוקווערק וואָס ווערן דאָ געבראַכט זײַנען גאַנצע צען, און דווקא די גרעסטע, געדרוקט אין די לעצטע זעקס יאָר פֿון די 32 יאָר. פֿון יעמאָלט אָן ווערט שוין אַלץ גרעסער די צאָל ייִדישע ביכער וואָס זײַנען צו אונדז דערגאַנגען.

די מאַפּע אויף געמעל 81 ווײַזט, אין וואָסערע ערטער אונדזערע פּופּצן עלטסטע דרוקווערק זײַנען געדרוקט געוואָרן; אין האַלבע לבֿנות שטייט די צאָל ווערק וואָס זײַנען געדרוקט געוואָרן אין יעטווידער אָרט.

אַלע ווערק פֿון דער אַלט־ייִדישער ליטעראַטור זײַנען גרויסע יקר־המציאותן, פֿאַראַן פֿון זיי אויף דער גאַנצער וועלט ניט מער ווי צו עטלעכע עקזעמפּלאַרן פֿון יעטווי־דער דרוקווערק. פֿון „מוסר און הנהָגה“ און „אַזהָרת נָשים“ איז פֿאַראַן סך־הכּל צו איין עקזעמפּלאַר אין דער פּריוואַ־טער ביבליאָטעק פֿון זלמן שאָקען אין ירושלים. פֿון „בָבֿא דאַנטונה“ האָט זיך אויך אויפֿגעהיט נאָר איין עקזעמפּלאַר אין דער גאַנצער וועלט; ער געפֿינט זיך אין דער שטאָ־טישער צענטראַלער ביבליאָטעק אין ציריך, שווייץ. אַ פֿולע פֿאָטאָגראַפֿישע קאָפּיע פֿאַרמאָגט דער ייִוואָ. אַ „מרכּבֿת המִשנה“ איז פֿאַראַן אין דער ווילנער סטראַשון־ביבליאָטעק.

וועגן די אַלע ביכער, און בכלל וועגן דער אַלטער ייִדישער ליטעראַטור, זײַנען געדרוקט אַ סך פֿאָרשונגען אין די אויסגאַבעס פֿון ייִוואָ.

## ייִדיש מיט רשי־כּתבֿ און מיט כּתיבֿה

מיר קומען איצטער צוריק צו אונדזער טעמע שריפֿט.

פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט טרעפֿן, אַז דרוקערס פֿלעגן דרוקן ייִדיש ניט מיט מעשיט, נאָר מיט רשי־כּתבֿ. אָט

האָט זיך 1584 געפֿונען אין קראָקע אַ דרוקער וואָס האָט איבערגעדרוקט דעם „מרכּבֿת המשנה״—קענטיק די אַלטע אויסגאַבע איז געווען אויסגעגאַנגען און אַ נאָכפֿרעג אויף דעם ספֿר איז געווען. אָט דעם איבערדרוק האָט דער אַרויסגעבער אָנגערופֿן -- פֿאַר וואָס ווייס מען ניט — „ספֿר של רבי אַנשל״. אין טעקסט האָט ער כּמעט ווי קיין זאַך ניט געביטן; אָבער די יִדישע ווערטער האָט ער געזעצט ניט מיט מעשׂיט, נאָר מיט רשי־כּתבֿ.

מיט רשי־אותיות איז אויך געדרוקט די עלטסטע צו אונדז דערגאַנגענע אויסגאַבע פֿון אליה בחור׳ס אַ צווייטן ראָמאַן: „פּאַריז און וויענע״; זי איז געדרוקט אין וועראָנע אין יאָר 1594. אַ פּראָגער דרוקער וואָס האָט איבערגע־דרוקט דעם ראָמאַן אין 17טן י״ה האָט שוין געניצט מעשׂיטשריפֿט.

דערפֿון מיר פֿאַרשטיין הייסט עס: קיין גאָר שטרענגער גרענעץ צווישן רשי־כּתבֿ און מעשׂיט איז ניט געווען; נאָר כּמעט אַלע מאָל האָט מען אין יִדיש געניצט מעשׂיט.

דאָס שטיקל יִדיש אין דער פּראָגער הגדה פֿון 1526 (זע געמעל 82) איז געדרוקט מיט דער קליינער כּתיבֿה; אָבער אַז מען זאָל אַ יִדיש ביכל זעצן מיט כּתיבֿה אין גאַנצן — דאָס האָט זיך ביזן 19טן י״ה כּמעט ווי ניט געטראָפֿן. אין יאָר 1709 האָט איינער אַהרון בן שמואל אָפּגעדרוקט אויף יִדיש אַ ספֿרל „ליבלעכע תּפֿילה״[1] מיט געכּתיבֿהטע אותיות, איז דאָס געווען אַ גרויסע סענסאַציע.

[1] אין אָריגינאַל איז געשטאַנען, מיטן אויסלייג פֿון יענער צייט: „ליבליכה...״. — דאָס ספֿרל איז זייער אַ זעלטנס; אַ פֿולע פֿאָטאָ־גראַפֿישע קאָפּיע דערפֿון געפֿינט זיך אין ייִוואָ.

א זײַטל פֿון „צפֿנת פענח“, באַרדיטשעוו 1817

# דאס צווייטע בוך דיא דרייא און דרייסיגסטע דער ציילונג קיז

כגן דער פֿיצטערער סיבה , דער
קייזיר קאָעטלאַפּאַקאַ האט צו
דעמאהל
אוף דער גרעבליע אליין גיקאמענדירט דיא
מעקסיקאניר א קעגין דיא שפאניר , און
ער האט זיך רער לעבט אז ער האט דיא
שפאניר אזו שטארק נישלאגין , און האט זייא
פון זיין גרויסין רעזידענט שטאט מעקסיקא א
רייס ניטריבין , און ער האט אן ניהויבין צו
מאכין א זעליבי פרעוואנדקיס אין זיינע
לענדיר אז עס זאלין שון קיין מאהל ניט
קענין , דיא שפאניר און זיין גרויסער רעזידענט
שטאט מעקסיקא אריין קומין , דער נייער
קייזיר האט אובר ניט לאנג גילעבט , ער
איז באלד גישטארבין פון פּאקין (סג) ,
און נאך זיין טויט האבין דיא
מעקסיקאניר זיך ווידר אויס גיקליבין א נייעם
קייזיר , ער איז גיוועזן דעם אומגליכין קייזיר
מאנטא צאמא זיין נאהנטער קרוב און

האט גיהייסין קוואַטימאַצין , ז
נייער קייזיר איז ני
זייער א גוטיר און זייער א קלוגיר מא
און אויך זייער א גרויסער בעל גבורה

דער נייער קייזיר קוואטימאצין ד
פאר
אן גנומין , דיא אלע פלאנין , וואס ז
נשטארבינר קייזיר , האט אין דיא לענ
גימאכט , כדי אז מען זאל דעם שונא
ניט לאזין אין דער רעזידענט שטאט מעקס
אריין , און וויא ווייט מיגליך וועט
זאל מען זעהין דיא שפאניר , גאר אר
צו טרייבין פון דיא מעקסיקאנישע לענדיר
און ווייא באלד דער נייער קי
קוואַטימאַצין , האט גיוואר געווארין
קורטוס מאכט זיך ו
פארטיג צו גיין קיין מעקסיקא , האט
גיגעבין א בפעהיל אין אלע זיינע פראווי
אריין

(סג) פּאקין איידיר דיא שפאניר זענין גיקומין קיין צמעריקא , האט מען דארטין גאר ג
גיווסט פון דער חולשה פאקין , ערשט דיא שפאניר האבין א היין דיא פ
פאר שלעפט פון זייערי לענדער , און דורך דיא פאקין זענין זייער פיהל פון דיא אמעריק
אוים גישטארבין , אין איראפע זענין מיר איצונד זייער גליקליך , מיט דעם וואס מען ז
ב אונדז דיא קינדיר קיהע פאקין , מיר זענין שון זיכער , אז פון פאקין וועט שון קיין
ניט בלינד ווערין , און אויך נישט גישטופילט ווערין , עס איז נאך קיין צוואנציג יאהר
אז דיא קיהע פאקין זענין ארויס גיקומין , און ווער עס וויל גוט אכטונג געבין , זענין
גאנץ ווייניג וואס קינדר פאר האנדין ב אונדז עס זאלין גשטופילט זיין , סיידין דיא וואס
האט זייא קיין פאקין ניט גייעצט , דריבר קעהר איטליכיר מענטש וואס האט זיינע קינ
ליעב , צולאזין זייא קליינר הייט זעצין קיהע פאקין וועט ער זיכער זיין פון דער סכנה , ז
איז איידר דיא קיהע פאקין זענין ארויס גיקומין , האט מען גאר קיין ספאסוב ניט גיהאט
דער חולשה פאקין , צו היילין , מען האט דאס קינר ניט גיטאהרט האלטין , אין
קאלטיר שטוב און ניט אין קיין הייסיר שטוב , וויל מען האט ד גיזעהין , אז היץ און
קעלט האט דער צו זייער גישאדט , דיא אמעריקאניר האבין אובר דאס אויך נישט גיוויס
וואס דער צו שאהדט , און וואס ד דער צו איז גיזונט , און דריבר זענין אין אמעריקא דו
דיא פאר שלעפטע פאקין זייער פיהל כיליאנין מענטשין , אויס גישטארבין , אזו איז ד
קייזיר קועטלאפאקא אויך פון דיא פאר שלעפטע פאקין גישטארבין , דיא קיהע פא
האט דער קלעהרט איין ענגלישער דאקטור דער האט גיהייסין ער ווארד יעננער

און דאָס איז טאַקע ניט געווען סתּם אַזוי אַן אײַנפֿאַל, נאָר עס האָט געשטעקט דערין אַ כּוונה. אַהרון בן שמואל האָט געהאַלטן, אַז איידער דאַוונען אויף לשון־קודש און ניט פֿאַרשטיין, איז גלײַכער צו דאַוונען אויף ייִדיש; האָט ער אַרויסגעגעבן אַט די זאַמלונג ייִדישע תּפֿילות; און כּדי די תּפֿילות זאָלן האָבן מער חשיבֿות, האָט ער זיי אָפּגעדרוקט ניט מיט מעשיט, נאָר מיט כּתיבֿה, עס זאָל זײַן וואָס מער געגליכן צו לשון־קודשע ספֿרים.

אײַנבירגערן האָט זיך גענומען דאָס דרוקן ייִדיש מיט כּתיבֿה סך־הכּל מיט אַ הונדערט יאָר צוריק. פֿון די ערשטע ייִדישע ביכער מיט כּתיבֿה לאָמיר דערמאָנען דעם „צָפֿנת פּענֵח“, געדרוקט אויף 370 צווייִשפּאַלטיקע זײַטלעך אין באַרדיטשעוו אין אוקראַיִנע אין יאָר 1817. דער מחבר איז געווען אַ משׂכּיל חײַקל הורוויץ, און דערציילן דער־ציילט דאָס בוך וועגן דער אויפֿדעקונג פֿון אַמעריקע. איר שטויסט זיך שוין אָן, פֿון וואַנען עס נעמט זיך דער מאָדנער טיטל פֿון בוך? אין חומש בראשית מא, מה געפֿינען מיר, אַז נאָך דעם ווי יוסף האָט באַשיידט פּרעהן די חלומות, האָט פּרעה אים אַ נאָמען געגעבן: „צָפֿנת פּענֵח“. דאָס טײַטשט מען: „דער אַנטפּלעקער פֿון פֿאַר־הוילנס“; נו, און קאָלומבוס האָט דאָך אויך אויפֿגעדעקט זאַכן, וואָס ביז אים זײַנען זיי געווען פֿאַרהוילן. די משׂכּילים האָבן ליב געהאַט „צו שטעלן זיך אויף אַ פּסוק“ — אָנצושפּאַרן זיך אויף עפּעס אַ פּסוק אָדער אַ וואָרט אין תּנך, אַפֿילו ווען די שײַכות איז געווען גאָר אַ ווײַטע.

אַ זײַטל פֿון חײַקל הורוויצעס בוך איז געגעבן אויף געמעל 88. די רעפּראָדוקציע איז אַ ביסל אַ פֿאַרקלענערטע;

דער זאַצשפּיגל פֿון אָריגינאַל — ז אַ צ ש פּ י ג ל רופֿט זיך דער פֿאַרנעם פֿונעם עצם זאַץ (פֿון די אותיות), ניט פֿונעם פּאַפּיר—איז 13×17 צמ.

## אונדזער שרײַבשריפֿט

אויב מיר ווילן אַ מאָל אָנצייכענען געכתיבֿהטע אותיות — למשל אויף אַ קעפּל פֿון אַ שריפֿטלעכער אַרבעט, אויפֿן טיטל פֿון אַ וואַנטצײַטונג, בײַם אָנהייב פֿון אַ מעלדונג וואָס מען דאַרף אויסהענגען — זעען מיר, אַז דאָס איז ניט פֿון די גרינגע זאַכן. אויף נאָכצומאַכן אַלע שפּיצן און אויסבייגן דאַרף מען שוין זײַן אַ גוטער צייכענער, אַניט פֿאַלט מען דורך. אַ סך גרינגער (און אפֿשר טאַקע שענער אויך), אויב מען וויל עפּעס אויסטיילן פֿון געשריבנס, איז צו ניצן אַזעלכע האַלב געדרוקטע, האַלב געשריבענע אותיות, ווי איר געפֿינט זיי אויף די געמעלן 13—21, 23ב, 25, 32 און אַזוי ווײַטער. אין אַט די אותיות איז געגעבן נאָר די ס כ ע מ ע פֿון יעטווידער אות, אָן די צוקן און דריידלעך.

אַט די סכעמעס פֿון די אותיות העלפֿן אונדז צו דערקענען, אַז אונדזער הײַנטיקע שרײַבשריפֿט איז סוף־כל־סוף ניט קיין אַנדער זאַך ווי אַ נײַער גילגול פֿון אונדזער אַלטער כתיבֿה. קוקט זיך אײַן אויף געמעל 89, וועט איר האָבן דעם סימן.

אינעם ערשטן סלופּיקל רעכטס האָבן מיר די געדרוקטע אותיות אונדזערע; אמת, ס'איז דער שניט וואָס איז אָנגענומען הײַנט, אָבער ער איז ניט אַזוי ווײַט פֿון דעם

אַלטן שניט. דאָס צווייטע סלופּיקל ווידער ווײַזט אונדז דעם „געדרוקטן מעשׂיט”; ניט אין אַלע דרוקווערק פֿון 16טן און 17טן י״ה זעט יעדער אות אויס פּונקט אַזוי, פֿאַראַן וואַריאַנטן, אָבער נאָך אַלעמען זײַנען זיי גאַנץ קליינע. דאָס דריטע סלופּיקל גיט אונדזער הײַנטיקע שרײַבשריפֿט.

ווען מיר גלײַכן צו דאָס דריטע סלופּיקל צום ערשטן, קענען בײַ אונדז זײַן ספֿקות וועגן דעם, ווי אַזוי עס איז געוואָרן די געשריבענע פֿאָרם פֿון דעם אָדער יענעם אות. אָבער לאָמיר אַדורכגיין אות פֿאַר אות דורך אַלע סלופּיקלעך פֿון רעכטס אויף לינקס, וועט אַלץ ווערן קלאָר. בײַם ע איז נאָך צווישן מעשׂיט און שרײַבשריפֿט געווען אַ צווישן־סטאַדיע

פֿון כּתיבֿה צו שרײַבשריפֿט

| | | |
|---|---|---|
| א | א | א |
| ב בֿ | ב בֿ | ב בֿ |
| ג | ג | ג |
| ד | ד | ד |
| ה | ה | ה |
| ו | ו | ו |
| ז | ז | ז |
| ח | ח | ח |
| ט | ט | ט |
| י | י | י |
| כּ | כּ | כּ |
| כ ך | כ ך | כ ך |
| ל | ל | ל |
| מ ם | מ ם | מ ם |
| נ ן | נ ן | נ ן |
| ס | ס | ס |
| ע | ע | ע |
| פּ | פּ | פּ |
| פֿ ף | פֿ ף | פֿ ף |
| צ ץ | צ ץ | צ ץ |
| ק | ק | ק |
| ר | ר | ר |
| ש | ש | ש |
| תּ ת | ת תּ | תּ ת |

געמעל 89

(און אַ סך מענטשן שרײַבן נאָך הײַנט אַזוי דעם אות), ווען איין פּאַסיקל איז געגאַנגען פֿון אויבן רעכטס צו אונטן לינקס, און דערנאָך האָט אַ צווייט פּאַסיקל עס איבערגעהאַקט איבער העלפֿט פֿון לינקס אויבן אויף רעכטס אַראָפּ. דעם ש האָט מען גענומען אויבן פֿאַרצירן מיט אַ קײַקעלע, כּדי צו קענען אָנשרײַבן דעם גאַנצן אות מיט איין ציִ מיט דער פֿעדער פֿון אונטן רעכטס אַרויף־צו. און פּונקט אַזוי וועט איר גרינג דערגיין דעם סוד, פֿון וואַנען עס נעמט זיך די הײַנטיקע געשריבענע פֿאָרם פֿון א, ז, מ, ט.

אָט אַזוי קענען מיר דערקענען די געשיכטע פֿון יעטווידער אות פֿון זינט אונדזער כּתיבֿה האָט זיך אײַנ־געשטעלט; און אויב איר וועט נעמען צו הילף דאָס געמעל 63, האָט איר פֿאַר די אויגן דעם וועג וואָס אונדזערע אותיות האָבן אַדורכגעמאַכט פֿאַר העכער דרײַ טויזנט יאָר.

# XIII. דער ייִדישער אויסלייג הײַנט און אַ מאָל

## די אויסלייג־תּקנות פֿון ייִוואָ

איצטער, אַז מיר זײַנען שוין קלאָר אין דער געשיכטע פֿון אונדזער אַלף־בית פֿון סאַמע אָנהייב ייִדיש פֿאָלק ביז אונדזערע טעג, לאָמיר זיך פֿאַרטראַכטן אַ ווײַלע וועגן דעם, ווי אַזוי מיר ניצן די אותיות, דאָס הייסט ווי אַזוי מיר לייגן אויס די ווערטער פֿון אונדזער שפּראַך.

הײַנט זײַנען שוין פֿאַראַן פֿעסטע תּקנות, ווי אַזוי צו שרײַבן ייִדיש. איר קענט נאָך הײַנט אויך זען אָנגעשריבן „אידיש", און אַ צווייטער איז גאָר אַ בעלן צו שרײַבן „יודיש", אַ דריטער פֿאַרגינט זיך אויסצולייגן דײַטשמעריש: „איהר געהט שפּאַציערען", און אַ פֿערטער שרײַבט: „דער כעזשבן", „די שורע" — אָבער מיר ווייסן שוין, וואָס עס איז ריכטיק און וואָס עס איז פֿאַלש. ווער עס וויל זיך אויסלערנען שרײַבן ייִדיש ווי ס'געהער צו זײַן, דער קען זיך אויסלערנען.

איר ווייסט דאָך געוויס, וואָס עס איז דער ייִוואָ (אָדער, ווי מען רופֿט אים מיט זײַן פֿולן נאָמען: דער ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט). טאָמער ווייסט איר נאָך ניט, ווערט געוויר: דער ייִוואָ גיט אַרויס אַ גרויסע צאָל ביכער, זשורנאַלן, בראָשורן, איז ניט שווער צו דערגיין פּרטים. אין צוויי ווערטער: דער ייִוואָ איז די העכסטע אינסטיטוציע פֿון דער ייִדישער וויסנשאַפֿט און

פֿון דער ייִדישער קולטור בכלל. איז דעריבער קיין חידוש ניט, וואָס דער ייִוואָ און ניט קיין אַנדערער האָט געשאַפֿן אונדזערע נאָרמעס פֿון ייִדישן אויסלייג.

דאָס איז דאָך גאָר אַ גרויסע זאַך, אַז ייִדיש — אַ שפּראַך וואָס איז פֿאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט — זאָל אומעטום, אין ווילנע און אין בוענאָס־איירעס, אין ניו־יאָרק און אין מעלבורן, אין תּל־אָבֿיבֿ און יאָהאַנעסבורג קענען געשריבן ווערן אויף איין אופֿן. ווי אַזוי איז דאָס מיגלעך געוואָרן? דורך דעם וואָס עס האָט זיך געשאַפֿן אין דער ייִדישער וועלט די צענטראַלע אינסטיטוציע פֿאַר פֿאָרשן און אַנטוויקלען ייִדיש — דער ייִוואָ.

ביי אַנדערע פֿעלקער איז אויך דאָס אייגענע. אויף דער וואַך פֿון דער פֿראַנצייזישער אָרטאָגראַפֿיע שטייט די פֿראַנצייזישע אַקאַדעמיע. די נייע כּללים פֿון דער פּוילישער אָרטאָגראַפֿיע האָט איינגעשטעלט די פּוילישע אַקאַדעמיע פֿון וויסנשאַפֿטן (Akademia Umiejętności) אין קראָקע. די רומענישע אָרטאָגראַפֿיע איז רעגולירט דורך דער רומענישער אַקאַדעמיע. אַז עס שאַפֿט זיך אַ צענטראַלע אינסטיטוציע, וואָס אַלע האַלטן פֿון איר און אַלע פֿאָלגן איר, ווערט אויס מישמאַש אין שרייבן. מערניט דער ענגלישער אויסלייג האַלט זיך מיטן כּוח פֿון טראַדיציע אַליין, כאָטש קיין ענגלישע אַקאַדעמיע פֿאַר שפּראַכיקע עניינים איז ניטאָ. ס'איז דאָך אַ באַוווסטע זאַך, אַז קיין איין פֿאָלק אין אייראָפּע איז ניט אַזוי קאָנסערוואַטיוו ווי די ענגלענדער: אַזוי איז בכלל און אַזוי איז אין שפּראַכיקע זאַכן.

ווען עס האָט זיך אין 1925 געשאַפֿן דער ייִוואָ, האָבן זיך אין זײַן פֿילאָלאָגישער סעקציע פֿאַראייניקט די בעסטע קענערס פֿון דער ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור. זיי האָבן לאַנג געאַרבעט אין דעם און סוף־כּל־סוף אויסגעאַרבעט די תּקנות פֿון ייִדישן אויסלייג. דערנאָך זײַנען זיך צונויפֿגעקומען פֿאָר־שטייערס פֿון ייִוואָ מיט פֿאָרשטייערס פֿון דער ייִדישער שול־אָרגאַניזאַציע אין דער פּוילישער רעפּובליק (ציש״אָ), מען האָט נאָך אַ מאָל דורכגעקוקט אַלע תּקנות און לעצטגילטיק אײַנגעשטעלט, אַז אַזוי זאָל זײַן. צישאָ האָט באַשלאָסן, אַז אַלע לערערס און קינדער אין אַלע ייִדישע שולן אין פּוילן מוזן שרײַבן אַזוי ווי די תּקנות הייסן, אַלע לערנביכער דאַרפֿן געדרוקט ווערן אויף דעם שטייגער. ייִדישע שול־אָרגאַניזאַציעס פֿון אַנדערע לענדער זײַנען אויך צוגעשטאַנען. מיט איטלעכן טאָג נעמען אַלץ מער מענטשן שרײַבן לויט די נײַע אויסלייג־תּקנות. ס'וועלן אַוועקגיין נאָך עטלעכע יאָר, וועט דער אויסלייג פֿון ייִוואָ זײַן דער איינציקער אויסלייג וואָס קולטורעלע ייִדן וועלן ניצן.

## וואָקאַלן־אותיות אין ייִדיש

קוקט זיך אומיסטן אײַן נאָך אַ מאָל אין די רעפּראָ־דוקציעס פֿון אַלטייִדישע טעקסטן, אָנהייבנדיק פֿון געמעל 75, וועט איר פֿאַרשטיין, אַז ניט מיט איין מאָל זײַנען מיר געקומען צו אונדזער הײַנטיקן דרך אין אויסלייגן. עס האָט געדויערט הונדערטער יאָרן פֿון בלאָנדזשעניש און פֿון פּראַקטיק.

לאָמיר האָבן דרך־ארץ פֿאַר אונדזערע שרײַבערס אין יענע ווײַטע דורות פֿון מיטל־עלטער, ווען די ייִדישע שפּראַך איז נאָך געווען אין די קינדערשיכלעך. עס האָבן דאָך געגומען שרײַבן ייִדיש מענטשן וואָס זײַנען צום מערסטן געווען צוגעוויינט צו שרײַבן העברעיִש, און אין העברעיִש איז געווען אַ פֿעסטער גאַנג אויסצולייגן נאָר די קאָנסאָנאַנטן;[1] קיין אותיות פֿאַר די וואָקאַלן־קלאַנגען האָט מען אָדער אין גאַנצן ניט געשריבן, אָדער מען האָט זיך פֿאַר נויט אויסגעהאָלפֿן מיט נקודות. עס איז אַזוי ווי מיר טוען נאָך הײַנט מיט די העברעיִזמען אין ייִדיש. אַזעלכע ווערטער ווי ים, פּשוט, בשעת האָב איך אין דעם ביכל געשריבן אָן נקודות. ווען איך האָב אָבער מורא געהאַט, אַז טייל לייענערס וועלן חלילה ניט וויסן, ווי אַזוי איבערצולייענען בבלים, עד־היום, מקפּיד (זײַן), האָב איך די ערשטע פֿאַר מאָל צוגעשטעלט נקודות צו די ווערטער. דאָס אייגענע איז בײַ די אַלטייִדישע שרײַבערס, אָבער ניט נאָר מיט די העברעיִזמען, נאָר מיט אַלע עלעמענטן פֿון דער ייִדישער שפּראַך. איר קענט אין אַן אַלטייִדישן כּתבֿ־יד געפֿינען אָנגעשריבן אִירשט, וואָס דאָס מיינט „ערשט"; דער צֵרה (..) איז צוגעשטעלט, כּדי מען זאָל ניט לייענען „אירשט". דאָס אייגענע גֵין, מֵיר, מען זאָל ניט געשטרויכלט ווערן און ניט איבערלייענען „גין", „מיר". אָבער דערין איז אויך קיין אויסגעהאַלטנקייט ניט געווען; אַנדערע האָבן טאַקע געשריבן גין, מיר און זײַנען געווען זיכער, אַז זייער לייענער איז גענוג אינטעליגענט און וועט

---

[1] ועגן די שוועריקייטן בײַם אריבערטראָגן אָן אַלף־בית פֿון איין שפּראַך אין דער אַנדערער זע פֿריִער ז' 112.

זיך שוין אַליין אָנשטויסן, וואָס מען מיינט. אויך פֿלעגט מען איבערלאָזן דעם לייענער, ער זאָל אויסגעפֿינען, צי וו י ש ן מיינט „ווישן" אָדער „וויסן"; וואָרעם מען פֿלעגט שרײַבן ש (אָן שום פּינטלונג) אי פֿאַר s, אי פֿאַר š. אָן f פֿלעגט מען איבערגעבן סײַ דורך פּ (גראָד זעלטן), סײַ דורך בֿ, סײַ דורך ו, — און אַזוי ווײַטער.

מיר האָבן שוין אָבער געזען, אַז וואָס נוגע די וואָקאַלן־קלאַנגען האָט שוין העברעיִש געהאַט געמאַכט אַן אָנהייב דורך אײַנפֿירן די „מוטערס פֿון לייענען".[1] יידיש איז אַוועק ווײַטער אויף דעם אייגענעם וועג, אויס־נוצנדיק דערבײַ די פּראַקטיק פֿון די אייראָפּעיִשע שפּראַכן. דער וויכטיקסטער אויפֿטו אין דער געשיכטע פֿון יידישן אויסלייג איז טאַקע דאָס וואָס פּאַמעלעך זײַנען מיר דערגאַנגען צו אַ פֿ ו ל ע ר ס י ס ט ע ם וו אָ ק אַ ל ן ־ אותיות פֿאַר אַלע עלעמענטן פֿון אונדזער שפּראַך אַחוץ די העברעיִזמען. די העברעיִזמען לייגן מיר אויס אויפֿן טראַ־דיציאָנעלן שטייגער; דורך דעם האַלטן מיר אויף די פֿאַרבינדונג מיט דער העברעיִשער שפּראַך וועלכע איז אַזאַ חשובֿער טייל פֿון דער גאַנצער יידישער קולטור און גיט אונדז אַ שליסל צו אונדזער ווײַטן עָבר. אָבער אין אַלע אַנדערע עלעמענטן פֿון יידיש האָבן מיר דאָך, לויטן גאַנג פֿון די אייראָפּעיִשע אַלפֿאַבעטן, אותיות פֿאַר די וואָקאַלן און דיפֿטאָנגען אַ, אָ, ו, וי, יי, ײַ; און דאָס, מאַכט אונדז זייער גרינג דאָס לייענען און שרײַבן יידיש.

די אויסלייג־סיסטעם וואָס האָט זיך אויסגעאַרבעט אין יידיש האָט נאָך אַ ספּעציעלע מעלה: זי איז צוגעפּאַסט

1 זע זז' 168—170.

צו אַלע אונדזערע דיאַלעקטן. דער וואַרשעווער ייִד לייענט בערך bich און דער ווילנער buch, נאָר ביידע קענען דאָס אויסלייגן אויף איין שטייגער בוך, וואָרעם בײַם ערשטן הייסט דער ו melipm און בײַם צווייטן melupm. טאָג לייענען ווילנער ייִדן מיט o און וואַרשעווער מיט u, וואָרעם ס'איז פֿאַר איינע komets alef און פֿאַר די אַנדערע kumets. דאָס אייגענע איז אויך מיט יי (דער $\frac{ej}{aj}$־קלאַנג) און מיט ײַ (דער $\frac{aj}{\bar{a}}$־קלאַנג): ברייט איז brejt (ווילנע) און brajt (וואַרשע), ווײַן איז vajn (ווילנע) און vān (וואַרשע).

## ייִדישע אויסלייג־תּקנות פֿון פֿאַר פֿיר הונדערט יאָר

אויף וויפֿל מיר ווייסן, איז דער ערשטער וואָס האָט געפּרוּווט פֿאָרמולירן כּללים פֿון אויסלייגן ייִדיש געווען איינער יאָהאַן בעשענשטיין, אַ קריסט, אין יאָר 1514, דאָס הייסט מיט העכער פֿיר הונדערט יאָר צוריק. מיר האָבן שוין דערמאָנט אויף ז' 215, אַז געגעבן האָט ער זײַנע כּללים פֿון ייִדיש־שרײַבן — אויף לאַטײַן! הײַנט קומט דאָס אויס בײַ אונדז מאָדנע; אָבער פֿאַר וואָס קען זײַן אַן ענגלישע גראַמאַטיק אויף ייִדיש אָדער אַ ייִדישע גראַמאַטיק אויף פּויליש? אין יענע צײַטן איז בײַ ניט־ייִדן לאַטײַן געווען די שפּראַך פֿון דער וויסנשאַפֿט, און גאַנצע הונדערט יאָר נאָך בעשענשטיינען האָבן נאָך פֿאַרשיידענע פֿילאָלאָגן ניט־ייִדן אַרויסגעגעבן ייִדישע אויסלייג־כּללים און גראַמאַטיקעס אויף לאַטײַן.

די ערשטע ייִדישע אויסלייג־תּקנות אויף ייִדיש זײַנען פֿון יאָר 1542 — אויך שוין אין דעם אַ מעשׂה פֿון קרובֿ פֿיר הונדערט יאָר. זיי זײַנען אָפּגעדרוקט אויף צוויי זײַטלעך ווי

אַ צוגאָב צום מוסר־ספֿר אין ייִדיש, וואָס הייסט „ספֿר מידות״; דער ספֿר איז געווען דערמאָנט אויף ז׳ 215.

איר געפֿינט אַ פֿאַקסימילע פֿון דיביידע זײַטלעך אויף געמעל 90—91. טאָמער קענט איר איבערלייענען און פֿאַרשטיין, איז אַוודאי גוט. נאָר טאָמער וועלן בײַ אײַך בלײַבן ספֿקות, איז אויך אָן בייז. איך האָב דאָס אַרײַנגענומען ניט כּדי איר זאָלט ווערן קלאָר אין דעם אינהאַלט, נאָר כּדי איר זאָלט באַקומען אַ שטיקל השגה וועגן דער זאַך.

ווען ס׳וועט אײַך אויסקומען צו באַקענען זיך מער פּרטימדיק מיט דער אַלטייִדישער שפּראַך און דער אַלטייִדישער ליטעראַטור, וועלן זיך אײַך עפֿענען די אויגן אויף דער געשיכטע פֿון ייִדישן אויסלייג אויך. איידער וואָס ווען באַנוגנט זיך מיט די פּאָר פֿאַקטן.

## ייִדיש מיט לאַטײַנישע אותיות

טייל מאָל קומט אויס איבערצוגעבן ייִדישע ווערטער מיט לאַטײַנישע אותיות.

מיר האָבן שוין גערעדט וועגן דעם, אַז אונדזער ייִדישער אויסלייג האָט די גרויסע מעלה, וואָס ער דינט פֿאַר אַלע ייִדישע דיאַלעקטן. מיר שרײַבן אָן טאָג, לייענען דאָס ווילנער ייִדן אויף זייער שטייגער מיט o און וואַרשעווער ווידער אויף זייער שטייגער מיט u; אין וואַרשע זאָגט מען fis און אין ווילנע fus, אָבער שרײַבן שרײַבן אַלע ייִדן פֿוס. הייסט עס אונדזער אויסלייג איז זייער אַ פּראַקטישער און אַ האַנטיקער.

# גוט דעם אלמעכטיגן אליין דיא איר

און ורויאן אוג׳ יונק ורויאן אן ביטן וויר אונזרן ולייסיגן גרוז . אוג׳ צו
ואר אויש דער שרבן אוג׳ צו לייטינן ורויאן · ורויא מוראדא דוקטרין
דער ורייאן קונשט דער ארצנייא וואנהאפטיג צו ויגעסורג · גיגעשטיגן
ורויא נאך דעם איך זר שטאנדן האב דש איר וושט אוג׳ בגיר האבט
צו דעם ספר מידות · זא האב איך מיך אונטר שטאנדן מיט דער
הוילגי גאטש יתברך דעש אומטשטיגן אוג׳ האב עז אם טאג גבראכט אוג׳
וויא וואל איך מיך זויך דינן ביט אן געמן זולט · זא וינט מן גשריבן
אין דען פרקים ובמקום שאיז איש השתדל להיות איש דש
איז וואו קיין מאן ביט איז זא מאך דיך געווערט צו איינם מאן · דרום
זו איך אידן אוג׳ אוב גמעלטן גבעטן האבן ורויאן אוג׳ יונק ורויאן אודר
זו בשט וועלכר דער דא וואורד לייאן אין דיזם ספר מידות אוג׳ וואורד
ווש זאלש דינן וינדן אודר וואורד אים ביט וואל בון שטאט גן מיט דעם
לייאן דש ער מירש ביט צום ערגשטן אויש לגי · דארום ווי איך אויך
דיא מענגיו אן צאיין גאר קורץ דארינן איינר אודר אייניא וויש דרויש
צו קומן : ערשטליכן איז צו ווישן דש איין יוד ברינגט איין חירק
אוג׳ איין צירי · אוג׳ איין אוני ברינגט איין קמץ אוג׳ איין פתח · אוג׳ איין
וו ברינגט איין מלאפום אוג׳ איין חולם · אוג׳ איין ע׳ ברינגט איין סגול ·
אוג׳ ווען צווייא יודן זיין זא איז דיא לעטר דיא דאר פיר שטעט אל מול
גנוגבטילט מיט איינם פתח אוג׳ דז יוד מיט איינם שבא אוג׳ דש אנדר
יוד מאכט איין צייכן דש עש קיין חירק איז גלייך אלש איין · צווייא ·
דרייא · אוג׳ דש בגלט גאר זעלטן · אוג׳ דש אוני זא עז הינדרן שטעט
נאך איינם פוינטו זא טוט עז ביקש דען עש מאכט דער גשרייבט איין
צירוגה גלייך אלש (דיא) · בון אז דש וו אוג׳ דז יוד דיא עיקרן פוינטו
דא איינר ביט קאן אויש קומן דען זיא ווערדן אן ויל פוינטוו גברויכט ·
אלש איך מיט דער הוילגי גן ית׳ אן צאייגן ויל זא ער מיר בייט ור לייכט ·
בון זיין עטליך דיא פוינטון איין ווארט ווען זיא עש ביט וואל קיינן
שרייבן · דש גב איך צו · אבר אליין אוני איין צירי · אודר איין שורק
אודר זוינשט איין ס.בט בער וואל ביקאנט איז דיא מאגין ווול פוינטון ·
גיי

ג ע מ ע ל 90

גלייך אלש קוינן דא מאגן מן וואל אין שורק סוינטלין · אונ׳ זיר א:דר
מיר אין צירי : אבר זוכשט דש ויו אונ׳ דש יוד זא עש גבראוכט ווערט
בור אין האלב פתח אונ׳ האלב מלאפום · אודר האלבא קמץ אונ׳ האלב
צירי · וויא עש דען אוסט גפונדן ווערט · דש איז יוא ביט מוגליך צו
סוינטלין · מן שרייבא דען אין פתח דש מאייבט אין אלף · אונ׳ אין
מלאפום דש מאייבט אין ויו · אונ׳ וואלטו וישן וויא עש גבראוכט ווערט
האלב פתח אונ׳ האלב מלאפום · בעמליך ווען דו שרייבשט ורויא אודר
גנויא אודר בויא דז איז אלש האלבא פתח אונ׳ האלב מלופום · דא
ברויכן דיא גוים אין *a* אונ׳ אין *u* גלייך וויא דא *fraw gnaw baw* ·
אונ׳ בור אין האלב קמץ אונ׳ בור אין האלבא צירי ווערן זיא
גבראוכט גלייך אלש מוגן אודר בוזן ברויכן דיא גוים אין *ö* מיט איינם
*e* דרוף דש ביצייכנט אין קמץ אונ׳ אין צירי גלייך וויא דא *mögen* ·
*bösen* · אונ׳ וי דיא דעם גלייך זיין · בון זיין אבר שרייבר דיא ברויכן
בור דיא סוינטלין ואלו זיא אזו האלבא קומן דא ברויכן זיא אין חטף קמץ
גלייך אז ווען זיא שרייבן הויר זא סוינטלין זיא אין חטף קמץ אובטר דש
הא . אונ׳ דש שיקט זיך יוא ביט דען מן ויבט אובטר הונדרט ביט אין
דער דש חטף קמץ לייאט וויא דער אנדר · אויך ויבט מן זויך ספבטין
ביט אין לשון הקדש וויא וואל דיא טוייטשן לייאן דש חטף קמץ ביט וויא
דש שלעכט קמץ · דש ור שטון דיא וועלשן דען זיא זיין ער ואֹרן אין
דקדוק אונ׳ שפרעכן דש דש חטף קמץ אונ׳ דש שלעכט ווערט אייבש
אויש גשפראכן וויא דש אנדר · אין דש דש חטף קמץ האיישט
אין קליין סוינטלי אונ׳ דש שלעכט קמץ אין גרוש סוינטלי · דארום
ואלו אייבר ויבט אין ויו אונ׳ אין יוד בייא אנגדר זא מוש ערש באך
זייבם ור שטאנדא לייאן : דער אלמעכטיג בארמהערציג גאט יתברך
דער ור לייך אונש זיין גנאד צום רעכטן ור שטאנדא אמן :

בשלם ספר מדות בעזרת יושב תהלות.
לך ובשר לכל חסידים וחסידות הרים בישובים ובקהלות

נדפס בעיר איזנא על ידי פלוני אלמוני שנת ש״ב לפ״ק

געמעל 91

פֿון יאָר 1542

נאָר דאָס וואָס עס איז אַ מעלה פֿון פּראַקטישע טעמים וועגן קען זײַן אַ חיסרון, ווען מע מוז זײַן פּינקטלעך. למשל איך וועל אָנשרײַבן: „אין וואַרשע זאָגט מען טאָג, פּוס, און אין ווילנע זאָגט מען טאָג, פּוס"; וואָס וועט איר האָבן דערפֿון?

אויב מיר ווילן איבערגעבן מער פּינקטלעך דעם קלאַנג, איז איינס פֿון די צוויי:

אָדער מיר קלערן צו באַזונדערע צייכנס; אַ שטייגער קענען מיר אָפּמאַכן, אַז טאָג, פּוס גיט איבער אַן ערך די ווילנער אויסשפּראַך און טוג, פּיס די וואַרשעווער;

אָדער מען ניצט לאַטײַנישע אותיות, ווי מיר אַליין האָבן דאָס געטאָן מיט אַ פּאָר שורות פֿריִער.

ניצן אַ שרײַבונג וואָס וויל וואָס געטרײַער איבערגעבן דעם קלאַנג רופֿט מען אין דער ווויסנשאַפֿט: טראַנס־קריבירן פֿאָנעטיש.[1]

פּראַקטיש באַנוצט מען זיך טאַקע מיטביידע אופֿנים פֿאָנעטישע טראַנסקריפּציע. מער אָנגענומען איז צו ניצן לאַטײַנישע אותיות. אָבער ווי אַזוי זאָל מען לייענען די לאַטײַנישע אותיות? אויב מיר וועלן אַזאַ פּשוט וואָרט ווי ליבע אָנשרײַבן libe, וועט דער פּאָליאַק דאָס איבער־לייענען בערך אַזוי ווי מיר (מערניט דער l וועט זײַן בײַ אים „ווייכער"); דער פֿראַנצויז וועט דאָס אַרויסריידן „ליב", וואָרעם בײַ אים איז דער e וואָרט־אויס שטום; און דער

[1] לאַטײַניש transcribere — „איבערשרײַבן"; דערפֿון אַ זאַכ־וואָרט: טראַנסקריפּציע. — פֿאָנע הייסט אויף גריכיש „קלאַנג". מיר האָבן דעם זעלביקן שורש אין אַזעלכע ווערטער ווי טעלעפֿאָן, גראַמאָפֿאָן.

ענגלענדער וועט גאָר מאַכן דערפֿון „לאַיב“, מיט אַ געצוי־
גענעם אַ און אַן י נאָך אים.

אַזוינע פֿאַרדרייעונישן מיט דער פֿאָנעטישער טראַנס־
קריפּציע האָבן אַלע שפּראַכן, אַפֿילו די וואָס מען שרײַבט זיי מיט לאַטײַנישע אותיות; אַדרבא, טייל מאָל איז אונדז מיט אונדזער אַלף־בית גרינגער. נעמט די לאַטײַנישע אותיות sz. אין פּויליש איז דאָס ש, אין דײַטש און אין אונגעריש ס. אָדער נעמט ch: אין דײַטש איז דאָס אַ כ אָדער (אין אַזוינע ווערטער ווי ich) אַ ווייכער קלאַנג אַ געגליכענער צו כ, וואָס אין ייִדיש האָבן מיר אים ניט; אין פֿראַנצייזיש איז דאָס אַ ש; אין ענגליש טש; אין איטאַליעניש ק.

האָט מען זיך אָבער געקליגט און געפֿונען דערצו אַן עצה. אַן „אינטערנאַציאָנאַלע פֿאָנעטישע אַסאָציאַציע“ פֿון געלערנטע האָט אײַנגעשטעלט: אַזאַ און אַזאַ פֿאָנעטישן באַטײַט האָט יעדער אות; און אַזוי ניצט מען דאָס בײַם טראַנסקריבירן. מען האָט אויך באַשטימט נײַע צייכנס, אָדער סימנימלעך צו די אַלטע אותיות, דאָרטן וווּ דער פּשוטער לאַטײַנישער אַלפֿאַבעט קלעקט ניט. אַ שטייגער דער וואַרשעווער ייִד רעדט אַרויס מײַן מיט אַן a, אָבער עס קלינגט בײַ אים גאָר אַנדערש ווי דער a אין מאַן; אין מײַן איז דער a אַ געצויגענער, אַ לאַנגער, אין מאַן איז ער אַ קורצער. איז אויף צו ווײַזן די לענג פֿון אַ וואָקאַל שטעלט מען איבערן אות אַ פּאַסיקל, און ס׳קומט אויס דאָס ערשטע מאָל mān, דאָס צווייטע מאָל man. אָדער נעמט אַזאַ וואָרט ווי געוועקט. מיר שרײַבן דאָ ביידע מאָל ע, און ס׳טויג אונדז. נאָר ווען מיר טראַכטן וועגן געבן פּינקטלעך דעם קלאַנג, כאַפּן מיר

זיך, אַז דער וואָקאַל איןביידע טראַפּן איז דאָך ניט דער אייגענער. אין צווייטן טראַף (-וועקט) איז ער אַ לויטערער, אין גע- איז ער אָפּגעכאַפּט אויף גיך. איז אויב מיר שרײַבן דעם שורש-טראַף מיט e, דאַרפֿן מיר פֿאַרן ע אין גע- האָבן עפּעס אַן אַנדער צייכן. די פֿאָנעטיקער ניצן דערויף אַן איבערגעקערטן e (ə), און ס'קומט אויס: gəvekt; טייל מאָל ניצט מען אַן ȷ, צו ווײַזן, אַז דער קלאַנג איז נאָענט צו i — באַקומט זיך gȷvekt.

ווי באַלד מיר זײַנען שוין דאָ צוגעקומען צו אַזעלכע פֿײַנע ניואַנסן ווי ניצן די צייכנס ə און ȷ, פֿאַרשפּאָר איך אײַך שוין באַלד צו זאָגן, אַז בשעת איך האָב פֿריִער אָנגעשריבן melipm, איז דאָס ניט געווען פּינקטלעך איבערגעגעבן די וואַרשעווער אויסשפּראַך. וואָרעם איך האָב ניט געגעבן צו פֿאַרשטיין, וואָס פֿאַר אַן l דאָס איז; אויך האָב איך זיך געמאַכט ניט ווויסנדיק, אַז עס זײַנען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע מינים i-קלאַנגען; און דער וואָקאַל נאָכן m, כאַפּן מיר זיך איצטער, איז אויך ניט קיין לויטערער e-קלאַנג.

איצטער זײַנען מיר שוין מער געוואָרנט ווי מיט אַ פּאָר זײַטלעך פֿריִער. אָבער מיינט ניט, אַז דאָ האָט איר זיך אויף איין פֿוס אויסגעלערנט די גאַנצע תּורה פֿון פֿאָנעטישער טראַנסקריפּציע. דאָס האָב איך אײַך נאָר געגעבן אַ געמעל; לערנען דאַרף מען דאָס באַזונדער.[1]

## ייִדיש פֿאַר ניט-ייִדן

ווי אַזוי זאָל אַ ניט-ייִד לייענען ייִדיש? ניטאָ פֿאַר אים קיין אַנדער עצה, ווי אויסלערנען זיך דעם ייִדישן

[1] וועגן טראַנסקריפּציע און אויסלייג בכלל איז גוט איבערצולייענען ז. רייזענס אַרטיקל אָרטאָגראַפֿיע אין דער „אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע" ב' IV זז' 397—400.

אַלף־בית. די מי איז סוף־כּל־סוף ניט קיין גרויסע, אויב מען האָט נאָר דעם אמתן חֵשק. און דאָס זעלבע איז שייך צו יענע פֿאַרפֿרעמדטע ייִדן, וואָס קינדווייַז האָט מען זיי קיין ייִדיש ניט געלערנט און איצטער האָבן זיי זיך אַרומגעזען, אַז עס טויג ניט אומצוגיין צווישן ייִדן מעשׂה גוי.

אָבער פֿאַרן ערשטן אָנהייב, איידער דער פֿרעמדער (אָדער דער פֿאַרפֿרעמדטער) האָט זיך אויסגעלערנט לייענען, קען מען אים אפֿשר גרינגער צופֿירן צו ייִדיש דורך געבן אים טעקסטן מיט אותיות, צו וועלכע ער איז מער צוגעוווינט— מיט לאַטייַנישע אותיות.

האָט מען טאַקע געמאַכט היפּש פּרוּוון צו דרוקן ייִדיש מיט לאַטייַנישע אותיות, איבער הויפּט אין לערנביכער.

אָבער ווי אַזוי זאָל מען איבערגעבן די ייִדישע ווערטער?

איך ברענג אייַך דאָ דרייַ וועגן.

וועג נומער 1. מיר גיבן די ייִדישע ווערטער לויט דער ליטווישער אויסשפּראַך: אָ איז o, ו איז u.[1] אַזוי טוט אַ שטייגער דאָס ביכל Naje jidiše dichtung, אַ זאַמלונג ייִדישע לידער, וואָס ח. גינינגער מיט נאָך דרייַ מיטאַרבעטערס האָבן אַרויסגעגעבן 1934 אין טשערנאָוויץ. אַלץ ווערט געשריבן פּינקטלעך לויט אונדזער אויסלייג, אַחוץ קלייניקייטן: אַ שטייגער af טיילט מען אָפּ פֿון ojf, כּדי מען זאָל די פּרעפּאָזיציע ניט לייענען פֿאַרגרייַזטערהייט ojf.

---

[1] דערבייַ היט מען אָבער אָפּ פֿאַרשטייט זיך דעם חילוק פֿון ס ביז ש, וואָס טייל ליטוואַקעס מישן זיי אויס; מען היט אָפּ דעם חילוק פֿון וי ביז יי און אַזוי ווייַטער.

וועג נומער 2. מיר טראַנסקריבירן בדרך־כּלל לויט דער אויסשפּראַך פֿון ליטווישן דיאַלעקט, נאָר מיר שטעלן אַ סימנדל אויף טייל וואָקאַלן וואָס מען רעדט אין די ניט־ליטווישע דיאַלעקטן אַרויס אַנדערש. אַזוי האָט פֿאָרגעלייגט י. שאַבאַד אין יאָר 1931 אויף אַ קאָנפֿערענץ אין ייִוואָ.

וועג נומער 3. מיר ניצן ספּעציעלע לאַטייַנישע צייכנס פֿאַר יענע וואָקאַלן וואָס ווערן אין פֿאַרשיידענע דיאַלעקטן אַרויסגערעדט פֿאַרשיידן; דערבייַ ווערן פֿאַר אַ יסוד גענומען די ניט־ליטווישע דיאַלעקטן. דהייַנו: ů (אַן u מיט אַ קליינעם o פֿון אויבן) פֿאַר אַזוינע ווערטער ווי טאָג, וואָס; ї (אַן i מיט אַ קליינעם u פֿון אויבן) פֿאַר אַזוינע ווערטער ווי פֿוס, גוט; און אַ צונויפֿגעגאָסענער a+e מיט אַן i נאָך זיי פֿאַר אַזוינע ווערטער ווי הייסן, פֿאַרשטיין, כּדי צו ווייַזן, אַז קאָנגרעס־פּוילישע און מערבֿ־גאַליצישע ייִדן ריידן דאָס אַרויס ווי aj און ייִדן אויף מיזרח פֿון דער ליניע ווייסל—סאַן ווי ej. (:) שטייט נאָכן וואָקאַל אויף צו ווייַזן, אַז ער איז לאַנג („געצויגן”, ווי ס'שרייַבט אַ ייִדיש לערנביכל פֿון סאַמע אָנהייב 18טן י״ה); דער אַקצענט שטייט ניט איבערן, נאָר נאָכן וואָקאַל. אַזאַ סיסטעם האָט פֿאָרגעלייגט שלמה בירנבוים.

אַז איך וועל אייַך איצטער ווייַזן באַשייַמפּערלעך דעם זעלביקן ייִדישן טעקסט טראַנסקריבירט אויף אַלע דרייַ אופֿנים, וועט דאָס ווערן קלאָר אין גאַנצן:

**1**

**men badarf visn, vos heist azojns baj a jingl forn, bichdej tsu farštejn heršeles harts bajm klojbn zich in veg arajn. gliklecher fun im iz af der gantser velt ništ geven in dem tog, ven er hot zich cugegrejt dos eršte mol in zajn lebn in a fremder štot in ejnem mit di eltern. lejzer-jankeleche hot zich ojch nochgešlept.**

2

men badarf visn, vós héjst azojns báǰ a jingl fórn, bihdéj tsú farštéjn heršeles harts bájm klájbn ziȟ in veg arájn. glikleȟer fún im iz af der gantser velt ništ geven in dem tóg, ven er hot ziȟ cúgegréjt dós eršte mól in zájn lebn in a fremder štót in éjnem mit zájne eltern. léjzer-jankeleȟe hot ziȟ ojȟ nóȟgešlept.

3

men bada′rf wisn, wůs hæist azoi′ns ba a jingł fů:′r-n, běchdæi′ cī farštæi′n he′ršałės haro bam kłoubm zěch in wég ará′n. głi′kłéchěr fīn i:m iz of der ga′ncěr wełt ništ gėwé′n in dėm tůg, wen er ot zěch cī:′gėgræit fů:′r-n důs é″rštė mů:ł in zán łébm in a fre′mděr štů:t in æi′ṇėṃ mit di e′łtěr-n. łæi′zěr-já′ṇkėłěchė ot zech oi′ch nů:′chgėšlept.

92 געמעל

איר זעט, אַז די העברעיִזמען זײַנען דאָ טראַנסקריבירט ניט אַנדערש ווי אַלע אַנדערע עלעמענטן פֿון יִדיש: ווי באַלד לאַטײַנישע אותיות, איז דאָך שוין ניט שייך צו בלײַבן געטרײַ דער טראַדיציע; טראַנסקריבירט מען וואָס נעענטער צו דער אויסשפּראַך.[1]

## טראַנסליטעראַציע

אויב מען וויל אין גאַנצן, ביז לעצט געטרײַ, אָפּהיטן די יִדישע שרײַבונג בײַם איבערגעבן זי מיט לאַטײַנישע אותיות, דאַרף מען ניט טראַנסקריבירן, נאָר טראַנס=

[1] העברעיִש גופֿא איז אָנגענומען צו טראַנסקריבירן לויט אַ סיסטעם וואָס קומט צו נאָענט צו דער ספֿרדישער אויסשפּראַך. אָט זײַנען עטלעכע טראַנסקריפּציעס פֿון העברעיִש אויפֿן שטייגער ווי דאָס איז אָנגענומען בײַ די געלערנטע:

hå̊'åreṣ hå̊i̯e̯tå̊ ṯōhū u̯å̊ḇōhū — הארץ היתה תהו ובהו

kol nefeš ḥå̊i̯i̯å̊ — כל נפש חיה

'al — על.

ליטערירן,[1] איבערגעבן אות פֿאַר אות. למשל אויב מיר זאָלן אָפּמאַכן, אַז יעטווידער ייִדישן א טראַנסליטערירן מיר מיט a און יעטווידער ע מיט e, וועט יעמאָלט יעטווידער אַ זײַן a̱, יעטווידער אָ–ạ אאַז״וו. די ערשטע שורה „מאָניש״ וואָלט אויסגעזען אַזוי:

s'aiz geuuen a̱ mạl a̱n eilui

און ס׳וועט נאָך אַלץ ניט זײַן אין גאַנצן פּינקטלעך איבערגעגעבן, מחמת פֿאַרן לאַנגן נון האָבן מיר דאָ ניט קיין באַזונדער צייכן.

איר האָט געהערט וועגן דעם גרויסן ייִדישן שפּראַכ־פֿאָרשער ד״ר אַלפֿרעד לאַנדוי וואָס איז געשטאָרבן 1935 אין ווין אין עלטער פֿון 85 יאָר? אַ גאַנץ לעבן האָט ער געגרייט אַ ווערטערבוך פֿון דער ייִדישער שפּראַך. ער האָט ניט באַוויזן צו פֿאַרענדיקן די אַרבעט, נאָר ער האָט איבער־געלאָזט זייער אַ גרויסן און גאָר אַ ווערטיקן מאַטעריאַל, פֿיל טויזנטער צעטעלעך; דער מאַטעריאַל איז אַריבער צום ייִוואָ, דער ייִוואָ האַלט דאָס אין באַאַרבעטן און וועט סוף־כּל־סוף אַרויסגעבן דאָס ווערטערבוך. איז אויף די צעטעלעך זײַנע האָט לאַנדוי זיך נוהג געווען צו טראַנסקריבירן ייִדישע טעקסטן אויף דעם אופֿן ווי דאָ איז אָקערשט געוויזן געוואָרן.

צו וואָס ער האָט דאָס געטאָן ווייס איך ניט; ער פֿאַר זיך האָט מיסתּמא געהאַט דערויף זײַן טעם. נאָר רעקאָ־מענדירן עמעצן זײַן גאַנג קען איך ניט. דאָ קען מען שוין טאַקע זאָגן, אַז דער בעסטער ליגן איז דער אמת: איידער איבער־בײַסן די אַלע קונצן, איז שוין גרינגער צו ניצן דעם ייִדישן אַלף־בית ממש.

---

[1] אויף לאַטײַן הייסט litera „אות״; דערפֿון נעמט זיך דאָס וואָרט ליטעראַטור.

## XIV. אויסלאָז

דער אַלף־בית אין פּאָעזיע

מיר ווייסן שוין, אַז דער סדר פֿון די אותיות אין אַלף־בית איז גאָר אַן אַלטער, ער איז שוין געווען פֿאַרטיק בשעת די גריכן האָבן איבערגענומען די סעמיטישע אותיות, מיט אַ טויזנט יאָר פֿאַר דער אָנגענומענער צײַט־רעכענונג. פֿון יעמאָלט אָן שטייט דער סדר אַ פֿעסטער, און ער איז געוואָרן דער יסוד פֿאַר פֿאַרשיידענע פּאָעטישע פֿאָרמען. אין תּהילים למשל, וואָס איז געוויס אַלט צוויי טויזנט יאָר און אפֿשר מער, זײַנען פֿאַראַן קאַפּיטלען וואָס זײַנען אויפֿגעבויט אויפֿן אַלף־בית. צום קלאָרסטן זעט מען דאָס אויף קאַפּ׳ קיט: פֿאַראַן דאָ 176 פּסוקים, ד״ה אַכט מאָל 22; פֿריִער גייען אַכט פּסוקים וואָס הייבן זיך אָן מיט אַן א, דערנאָך אַכט פּסוקים וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ב, און אַזוי ביזן סוף.

געווײנטלעך איז דאָס נאָר אין לשון־קודש אָריגינאַל פֿון תּהילים; קיין שום איבערזעצער איז ניט געווען בכּוח נאָכצוטון דאָס אין זײַן איבערזעצונג. אַפֿילו יהואָש אין זײַן תּנך־איבערזעצונג אויף ייִדיש, וואָס בדרך־כּלל איז זי זייער אַ געטרײַע, האָט זיך געמוזט באַנוגענען מיט דעם וואָס ער האָט פֿאַר יעטווידער גרופּע פֿון אַכט פּסוקים אַוועק־געשטעלט די אותיות א, ב און אַזוי ווײַטער; די פּסוקים גופֿא הייבן זיך ניט אָן בײַ אים מיטן אַלף־בית.

דעם גאַנג פֿון אַלף־בית געפֿינען מיר אויך אין מִשלי, אין לעצטן קאַפּיטל (לא). פֿון פּסוק י גייט דאָס באַרימטע

שטיקל „אֵשת חַיִל מִי יִמצא״, און אַזוי ציט זיך שוין דאָס: יעטווידער פּסוק הייבט זיך אָן מיט אַ וויַטערדיקן אות פֿון אַלף־בית, ביז וואַנען פּסוק לא דערגייט צו ת.

אין אַנדערע טיילן פֿון תּנך טרעפֿן מיר זיך אויך מיט פּסוקים על־פּי נוסח אַלף־בית.

דער אופֿן פֿון בויען טעקסטן איז געוואָרן אַן אָנגענומענע פֿאָרם אין דער לשון־קודשער פּאָעזיע פֿון מיטל־עלטער.[1] אויפֿן שניט פֿון די לשון־קודשע פּיוטים האָבן ייִדן גענומען שאַפֿן „געטלעכע לידער״ על־פּי נוסח אַלף־בית אין ייִדיש אויך. דאָס ליד „אַלמעכטיקער גאָט״ (זע געמעל 82) איז איין קליינע דוגמא דערויף; נאָר פֿאַראַן אַזוינע אין דער אַלט־ייִדישער ליטעראַטור אין די צענדליגער. טייל מאָל הייבט זיך אָן מיט אַ וויַטערדיקן אות יעטווידער נייַע סטראָפֿע, טייל מאָל — אין די קירצערע — גייט שוין יעדער פֿערז מיט אַ וויַטערדיקן אות. און דער נוסח האָט זיך אויפֿגעהיט אין פֿאָלקסלידער אונדזערע ביזן היַינטיקן טאָג. אָט ברענגט י. ל. כּהן אין זיַין זאַמלונג[2] אַ ליד, ווו די אותיות גופֿא ווערן אויך אָנגערופֿן:

אַלף — אַן אָדלער טוט אונטערן הימל פֿליִען,
בית — אַ באַרנבוים טוט אַלע זומער בליִען...

און אַזוי גייען אַדורך כּסדר אַלע אותיות פֿון אַלף־בית.

עס טרעפֿן אויך הומאָריסטישע לידער אויפֿן זעלביקן שניט:

אַלף — אינדיקעס עסט דער נגיד,
בית — ביינדעלעך גריזשעט דער אָרעמאַן.
גימל — גענדזעלעך עסט דער נגיד,
דלת — דעם דלות האָט דער אָרעמאַן.

---

[1] די פּאָעזיע איז אַריַין אין שבתדיקן און אין יומטובֿדיקן דאַווענען; מען רופֿט זי פּיוט אָדער פּיוט; די שריַיבערס רופֿט מען פּיטנים.
[2] ייִדישע פֿאָלקסלידער באַנד II, ניו־יאָרק 1912, ז׳ 148.

## אַנדערע קאָמבינאַציעס

אַחוץ דעם נוסח פֿון אַלף־בית קען מען אין פּיוט געפֿינען נאָך אַנדערע קאָמבינאַציעס אותיות, וואָס לויט זיי ווערן אויסגעשטעלט די פֿערזן. אָט זײַנען עטלעכע:

תַּשְׁרַק: אַנשטאָט צו נעמען די אותיות ווי זיי גייען, נעמט מען זיי אין אַ פֿאַרקערטן סדר.

אַתְּ–בַשׁ: פֿריִער אַ זאַץ אויף א, דערנאָך אויף ת, אויף ב, אויף ש אאַז״וו. מיט אַנדערע ווערטער: אַלע מאָל איין אות פֿון אָנהייב, איינער פֿון סוף.

אַלְ–בַם: מען טיילט אײַן די 22 אותיות אויף צוויי גרופּעס צו 11 (א–ל און מ–ת) און מען שטעלט דעם ערשטן אות מיטן צוועלפֿטן, דעם צווייטן מיטן דרײַצעטן אאַז״וו.

אין שלום־עליכמס דערציילונג „דער אורח" (געדרוקט אין „אַלע ווערק" ב׳ 23) איז פֿאַראַן אַן אָפּנאַרער, וואָס ווען מען פֿרעגט אים, ווי אַזוי ער הייסט, גיט ער אַ זאָג אַרויס אַזאַ מין איבערגעדרייטן אַלף־בית: איק בכר גלש דמת הנך וסם זען חפף טצץ. דאָ, זעען מיר, זײַנען אַרײַנגענומען אין קאָן די שלאָס־אותיות אויך, באַקומען זיך דעריבער ניט קיין 22 אותיות, נאָר 27.

די קאָמבינאַציעס ניצט מען אויס פֿאַר שיפֿערס. למשל מען מאַכט אָפּ, אַז מען וועט זיך דורכשרײַבן על־פּי נוסח תַּשְׁרַק. שטעלט מען אויס צוויי אַלף־ביתן:

| | | | | | | | | | | | | | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| א | ב | ג | ד | ה | ו | ז | ח | ט | י | כ | ל | מ | נ | ס | ע | פ | צ | ק | ר | ש | ת |
| ת | ש | ר | ק | צ | פ | ע | ס | נ | מ | ל | כ | י | ט | ח | ז | ו | ה | ד | ג | ב | א |

און מען שטעלט אַלע מאָל אַנשטאָט דעם אות אין דער אייבערשטער שורה דעם וואָס אונטן.

דער וואָס דאַרף איבערלייענען אַזאַ געהיימען כתבֿ האָט אויך אויסגעשטעלט אַזאַ שליסל, לייענט ער דאָס איבער.

אָבער מאָלט אײַך, אַז מיט קיין גאָר גרויסע סודות טאָר מען זיך ניט פאַרלאָזן אויף אַזוינע מינֵי שיפֿערס; לויט דער אָפּטקייט ווי די אותיות חזרן זיך איבער קען מען דאָס גרינג דעשיפֿרירן אַפֿילו ווען מען ווייס ניט דעם שיפֿער פֿון פֿאָרויס.

## דער אַלף־בית אין דער אַגדה

מער ווי איין מאָל איז אונדז אויסגעקומען צו דערמאָנען וועגן טראַדיציאָנעלע גלייבונגען וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיט אונדזער ייִדישן אַלף־בית: אַז יהושע בן נון האָט שוין געשריבן די תּורה מיט תּגין, אַז אָדם הראשון האָט שוין געשריבן מיט נקודות. פֿאַראַן אַ סך אַגדות פֿון דעם מין. איר קענט הערן אַ שטייגער, אַז דער אות אַלף האָט זיך געקלאָגט פֿאַרן רבונו־של־עולם, פֿאַר וואָס די תּורה הייבט זיך אָן מיט ב (בראשית); האָט גאָט געענטפֿערט, אַז דערפֿאַר וועלן זיך די עשׂרת הדיברות אָנהייבן מיט אַן אַלף (אָנכי). אַ צווייטע דערציילונג: ווען גאָט האָט געדאַרפֿט באַשאַפֿן די וועלט, האָבן זיך אַלע אותיות געריסן אויבן אָן, און יעטווידער אות האָט זיך באַרימט מיט עפּעס. גאָט האָט אָבער אַלעמען אָפּגעוואָרפֿן, ביז וואַנען ס'איז געקומען דער ב; אים איז בײַגעשטאַנען דער זכות, וואָס מיט אים הייבט זיך אָן דאָס וואָרט „ברכה". און נאָך צו אַ גרעסערער גדולה האָט זוכה געווען דער א: אַזוי ווי ער האָט זיך ניט געשטופּט, האָט גאָט אים אָפּגעגעבן דעם אויבנאָן אין אַלף־בית און אין די עשׂרת הדיברות.

## ראָשי־תּבֿותן

מיט ראָשי־תּבֿותן האָבן מיר שוין געהאַט צו טון. ראָש הייסט קאָפּ, אָנהייב; תּבֿה (אָדער תּיבֿה) — „קאַסטן" (נחס תּבֿה), און אויך „וואָרט". אַזעלכע נעמען ווי רשי (=רבי שלמה יצחקי), רמבם (=רבי משה בן מיימון), שדל (=שמואל־דוד לוצאַטאָ), אַמד (=איַיזיק־מאיר דיק, אַ ווילנער שרײַבער פֿון 19טן י"ה) זײַנען ראָשי־תּבֿותן. ס'קענען אויך זײַן ראָשי־תּבֿותן נעמען פֿון אינסטיטוציעס (צישאָ, ייִוואָ), פֿון ספֿרים (תּנך = תּורה, נבֿיאים, כּתובֿים; שס = ששה סדרים, זעקס אָפּטיילונגען, אַן אַנדער נאָמען פֿון גמרא); אויך אַנדערע ווערטער: זל (=זכרונו לבֿרכה), זצל (=זכר צדיק לבֿרכה).

אַ סך ייִדישע פֿאַמיליע־נעמען האָבן זיך גענומען פֿון ראָשי־תּבֿותן. צו דערמאָנען נאָר עטלעכע: אַש איז ראָשי־תּבֿות פֿון אײַזנשטאָט (אַן אָרט אויפֿן גרענעץ פֿון עסטרײַך און אונגערן, ניט ווײַט פֿון ווין); בק = בן קדושים; זק = זרע קדושים; כּץ = כּוהן צדק; שבד = שליח בית־דין; שליט = שיחיה לאורך ימים טובֿים און אַזוי ווײַטער. טייל מענטשן רעכענען זיך שוין ניט מיט דעם, וואָס זייערע נעמען וואַקסן פֿון ראָשי־תּבֿותן, לייגן זיי דאָס אויס מיט וואָקאַלן־אותיות: באַק, זאַק, קאַץ, שאַבאַד, שאַליט.[1]

## נוטריקין

נוטריקין[2] איז פּונקט דער היפּוך פֿון ראָשי־תּבֿותן: ניט

[1] אויב די ראָשי־תּבֿותן זײַנען ניט געוואָרן אין גאַנצן פֿעסט, ד"ה אויב אַרויסריידן רעדט מען אַרויס גאַנצע ווערטער, מוז מען זיי שרײַבן פֿאַרשטריכלט: פּ"ק = פּאַר קריסטוסן, י"ה = יאָרהונדערט, ד"ה = דאָס הייסט, אאַז"וו = און אַזוי ווײַטער. נאָר אויב פֿון די ראָשי־תּבֿותן גופֿא זײַנען געוואָרן פֿעסטע ווערטער, איז על־פּי די אויסלייג־תּקנות רעכט אָן שטריכעלעך אויך.

[2] דער אַקצענט שטייט אויפֿן מיטלסטן טראַף. טייל מאָל שרײַבט מען אויך נוטריקון; אָבער דער ו אָדער דער י ווערן דאָ כּמעט ווי ניט אַרויסגערעדט אין ייִדיש, בײַט זיך ממילא ניט די אויסשפּראַך.

מען שטעלט צונויף אַ וואָרט פֿון אַ גרופּע ווערטער, נאָר מען טײַטשט אויס אַ רעגולער וואָרט ווי אַ ראָשי־תּבֿות; הייסט עס, מען טײַטשט אַרײַן אַ ספּעציעלן פּשט אין אַ וואָרט. אַ שטייגער: ווי אַזוי מאַכט אלף? אַלף מאַכט: אֱמת לַמד פּיך (אמת לערן דײַן מויל).

אַ מאָל קען מען צוטראַכטן אַ נוטריקון אויף אַ געשעכטער. אַ שטייגער: ווי אַזוי מאַכט שבת? שבת מאַכט: שֵׁנה בשַׁבת תּענוג (שלאָפֿן אום שבת איז אַ תּענוג).

## ווערטלעך געבויט אויפֿן אַלף־בית

מיר האָבן פֿריִער דערמאָנט דאָס ווערטל: „מיט אַלע תּגין", וואָס דאָס מיינט: מיט אַלע קליפּערלעך, אָפּגעניגלט, ס'זאָל כאָטש פֿעלן אַ האָר. אַן אויסדרוק וואָס איז מיסתּמא אויפֿגעקומען בײַ סופֿרים איז געוואָרן אַ גייִק ווערטל בײַ אַלע ייִדן.

דאָס איז ניט דער איינציקער פֿאַל, וווּ עיניִנים פֿון אַלף־בית ווערן עלעמענטן פֿון דער כּלל־שפּראַך. אַ מאָל זײַנען דאָס אויסדרוקן וואָס חזרן זיך איבער אין אַנדערע שפּראַכן אויך; אַ שטייגער דעם געדאַנק „ער האָט דאָס מיר אויסדערציילט פֿון אַלף ביז תָּוו" גיבן איבער די שפּראַכן וואָס ניצן דעם לאַטײַנישן אַלף־בית אויפֿן זעלביקן אופֿן: פֿון A ביז Z. אָבער דאָס רובֿ ייִדישע ווערטלעך און אויסדרוקן לאָזן זיך ניט איבערזעצן וואָרט בײַ וואָרט, ווײַל אָדער זיי זײַנען געבויט אויף די ספּעציפֿישע ייִדישע נעמען פֿון די אותיות, אָדער זיי גיבן אָנצוהערעניש אויף ספּעציפֿישע ייִדישע קולטורעלע פֿאַרהעלטענישן. אָט איז אַ צענדלינג:

לֹא מיט אַן אַלף. אין העברעיִש לאָ—ניין, לוֹ—אים.

ער ווייס ניט פֿון קיין צורת אַלף, ער קען ניט קיין צלם פֿאַר אַן אַלף — זאָגט מען וועגן אַן עם־הארץ.

ער האָט זיך געשטעלט בײַ דער אַלף[1]—בײַם סאַמע אָנהייב.

אַז דאָס מזל וויל ניט, מאַכט קמץ בית באַ. פֿאַרקערט: אויב גאָט וויל, שיסט אַ בעזעם.

אַז ווייל איז דעם וואָס מאַכט תמיד גימל. אין דריידלשפּיל חנוכּה קען אויספֿאַלן אָדער נ (נישט), אָדער ג (גוט), אָדער ה (האַלב), אָדער ש (שלעכט). בײַ וועמען עס פֿאַלט תמיד אויס גימל (ווער עס האָט מזל), דעם איז גוט.

ווער עס ווייס ניט פֿון בית, ווייס ניט וואָס גימל באַטײַט. ווערטערשפּיל צווישן בית און בייז: ווער עס האָט ניט אויסגעפּרוווט שלעכטס, דער שפּירט ניט וואָס גוט הייסט.

ער ווײַזט דעם פֿערדל אַ ה אין סידור — אַנשטאָט צו געבן היי ממש. זאָגט מען, ווען עמעצער איז יוצא מיט רייד און קיין ממשותדיקס גיט ער ניט.

ער וועט ניט אָפּטרעטן פֿון זײַנע פֿאָדערונגען אַפֿילו אויף אַ קוֹצו של יוד.[2] דער קוֹץ (שפּיץ) פֿון יוד איז דאָך אַ קלייניקייט, אָבער ער איז אַפֿילו אויף דער מינדסטער קלייניקייט ניט מוותּר.

אַ צדיק אין פּעלץ. מיינען מיינט דאָס: אַ פֿאַר־שטעלטער, איינער וואָס מאַכט דעם אָנשטעל פֿון אַ צדיק. פֿון וואַנען נעמט זיך דער אויסדרוק? אויף זיכער ווייס מען

---

[1] אין טייל דיאַלעקטן פֿון ייִדיש זײַנען די נעמען פֿון די אותיות לשון־נקבה; דאָרטן זאָגט מען: די אַלף, די בית אאז״וו.
[2] אַנדערע זאָגן: קוֹצר.

ניט, נאָר אַנדערע טײַטשן דאָס אַזוי: דער פּשוטער צדיק (צ) הייסט „דער קרומער צדיק", דער אַנדערער צדיק (ץ), וואָס הײַנט רופֿן מיר אים דאָס רובֿ „לאַנגער צדיק", האָט פֿריִערדיקע צײַטן געהייסן „שלעכטער צדיק" (וואָרעם אין אונדזער עלטערער שפּראַך האָט „שלעכט" באַטײַט אויך גראָד, גלײַך); נו, און אַזאַ שלעכטער (וואָס הײַנט מיינט דאָס: בייזער) צדיק שטייט אין דעם וואָרט „פּעלץ".

שטעל דערויף צוויי פּייען. דער טײַטש: פֿאַר־פֿאַלן. אין דעם עלטערן אויסלייג אונדזערן פֿלעגט מען פֿאַרטראַפֿן שרײַבן באַזונדער; איז דער ראָשי־תּבֿות פֿון „פֿאַר פֿאַלן" געווען: פּ"פּ.

פּתח שין — שאַ! אַזוי זאָגט מען, ווען מען הייסט עמעצן שווײַגן. אַ מאָל זאָגט מען נאָר די ערשטע צוויי ווערטער, דעם „שאַ" פֿאַרפֿעלט מען.

## דער מאַטעריאַל צום שרײַבן

קיין סך אָרט דערויף קענען מיר ניט אָפּגעבן, נאָר ווי אַזוי היפּערט מען דאָס איבער אין גאַנצן די פֿראַגע וועגן דעם, אויף וואָס פֿאַר אַ מאַטעריאַל מען האָט געשריבן?

מיר וואָלטן זיך הײַנט גאָרניט געקאָנט אויסמאָלן, אַז מען זאָל קענען לעבן אָן פּאַפּיר. אָבער דער גאַנג צו מאַכן פּאַפּיר פֿון האָלץ — און די געמיינערע סאָרטן פּאַפּיר, דאָס הייסט כּמעט אַלע סאָרטן פּאַפּיר וואָס מיר ניצן הײַנט, מאַכט מען פֿון האָלץ — איז גאָר אַ נײַער, אין גאַנצן עטלעכע צענדליגג יאָר אַלט. פֿריִער זײַנען געווען נאָר גוטע סאָרטן פּאַפּיר, טײַערע סאָרטן — געמאַכט פֿון שמאַטעס. שמאַטע־

פּאַפּיר איז שוין אַלט אַ טויזנט יאָר. אויסגעפֿונען האָט מען עס, זאָגט מען, אין 8טן י״ה. ביַי די כינעזער האָבן זיך די אַראַבער אויסגעלערנט די פּראָדוקציע, און די אַראַבער האָבן דאָס געבראַכט קיין שפּאַניע. אין פֿראַנקריַיך האָט זיך די פּאַפּיר־פֿאַבריקאַציע אָנגעהויבן סוף 12טן י״ה, אין אַנדערע אייראָפּעיִשע לענדער נאָך שפּעטער.

נו, און איידער עס איז געווען פּאַפּיר? גאָר אין די אַלטע ציַיטן האָט מען געשריבן אויף פּאַלמעבלעטער, דערנאָך האָט מען זיך אויסגעלערנט — דאָס ווייסן מיר שוין — אויסצואַרבעטן שריַיב־מאַטעריאַל פֿון די פּאַפּירוס־געוויקסן; און פֿון זיי טאַקע נעמט זיך דער נאָמען פּ אַ פּ י ר, וואָס מיר האָבן אים אינעם גרעסטן טייל אייראָפּעיִשע שפּראַכן.

נאָך אין די אַלטע ציַיטן האָט מען זיך אויסגעלערנט אויסצואַרבעטן פּ אַ ר מ ע ט[1] פֿון פֿעל פֿון בעלי־חיים. זייער אָנגענומען איז געוואָרן פּאַרמעט פֿון זינט דעם 7טן יאָר־הונדערט נ״ק. אַפֿילו שוין נאָך דעם ווי מען האָט זיך אויסגעלערנט מאַכן פּאַפּיר האָט מען נאָך אויך גענוצט פּאַרמעט פֿאַר מער חשובֿע כּתבֿ־יָדן, און אַפֿילו דרוקן האָט מען געדרוקט צום אָנהייב טייל ביכער אויף פּאַרמעט. אַ שטייגער פֿון גוטענבערגס ערשטער ביבל (די אַזוי גערופֿענע „42־שורותדיקע" — עס גייען צו 42 שורות אויף אַ זיַיט), וואָס אין גאַנצן איז זי אָפּגעדרוקט געוואָרן מיסתּמא אין אַ הונדערט עקזעמפּלאַרן, האָט מען בערך אַ דריטל

[1] לויטן נאָמען פֿון דער שטאָט פּערגאַמאָן, קליין־אַזיע, וווּ מען האָט דאָס אויסגעפֿונען, איז געוואָרן דאָס לאַטיַינישע וואָרט pergamenum. דאָס וואָרט איז אַדורך, מער צי ווייניקער געביטן, אין אַלע אייראָפּעיִשע שפּראַכן. אונדזער „פּאַרמעט" וואַקסט אויך פֿונעם זעלביקן שורש.

עקזעמפּלאַרן אָפּגעצויגן אויף פּאַרמעט.[1] פֿון העברעיִשע ספֿרים איז געדרוקט אויף פּאַרמעט אַ שטייגער דער באָלאָניער חומש, וואָס דער אָנהייב פֿון אים איז רעפּראָדוצירט אויף געמעל 77.

## מגילות און ביכער

די עלטסטע פֿאָרם פֿון ביכער איז געווען די מגילה. מען פֿלעגט צונויפֿקלעפּן איינציקע בלעטער פּאַפּירוס (און שפּעטער בלעטער פּאַרמעט) און זיי צונויפֿוויקלען.

אַ מגילה איז אָבער ניט זייער האַנטיק. זי טאָר ניט זײַן צו גרויס, שרײַבן קען מען נאָר אויף איין זײַט. דעריבער האָט מען זיך דערקלערט צו ביכער. אָנגעהויבן האָבן זיי זיך, מיט אַן אַכצן הונדערט יאָר צוריק, אין מיצרים, פֿון דאָרטן האָבן זיי זיך אויסגעשפּרייט איבערן גאַנצן מיזרח פֿון דער רוימישער אימפּעריע (ארץ־ישׂראל, סיריע, קליין־אַזיע, באַלקאַנישער האַלבאינדזל), און מיט אַן אָנדערט־האַלבן טויזנט יאָר צוריק האָט שוין דאָס בוך גענומען גובֿר זײַן די מגילה. אָבער ביז וואַנען די מגילה איז אין גאַנצן אַרויסגעשטופּט געוואָרן האָט געדויערט נאָך לענגער.

ביזן הײַנטיקן טאָג נאָך ווערן ספֿר־תּורות געשריבן אין דער פֿאָרם פֿון אַ מגילה. אין זאַכן וואָס מען פֿאַרהייליקט פֿלײַסט מען זיך צום מערסטן אָפּצוהיטן די טראַדיציע.

## אַ פֿאַקסימילע פֿון זיידן

בײַם אויסלאָז פֿון אונדזער וועג וויל איך אײַך נאָך ווײַזן אַ פֿאַקסימילע פֿון מענדעלע מוכר־ספֿרימס אַ כּתבֿ־יד.

---

[1] אָט די לוקסוס־אויסגאַבעס פֿון דער 42־שורותדיקער ביבל אויף פּאַרמעט זײַנען ספּעציעל טײַער. מען האָט נאָך מיט צענדליקער יאָרן צוריק געצאָלט פֿאַר אַזאַ עקזעמפּלאַר ביז צוואַנציק טויזנט דאָלאַר.

איר ווייסט שוין פֿון לאַנג, אַז מענדעלע מוכר־ספֿרים רופֿט מען: דער זיידע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור; דאָס האָט אים שלום־עליכם געגעבן דעם נאָמען. ווען מען זאָל וועלן זײַן גאָר פּינקטלעך, וואָלט מען געדאַרפֿט זאָגן: דער זיידע

געמעל 93



דער אָריגינאַל פֿון כּתבֿ־יד געפֿינט זיך אין ייִוואָ
פֿאַקסימילע פֿון אַ כּתבֿ־יד פֿון מענדעלע מוכר־ספֿרים

פֿון דער נ ײַ ע ר ייִדישער ליטעראַטור; וואָרעם די ייִדישע ליטעראַטור, ווייסן מיר דאָך, האָט זיך אָנגעהויבן העט ווײַט אין מיטל־עלטער, און מענדעלע האָט געלעבט פֿון 1834 ביז 1917. נאָר פֿון קורצקייט וועגן היפּערט מען איבער דאָס וואָרט „נײַער", און אַ מאָל רופֿט מען מענדעלען נאָך

קירצער מיט אייך וואָרט פֿון ליבשאַפֿט: „דער ייִדע". עס איז אַ נאָמען וואָס ער האָט כשר פֿאַרדינט: אַלע שרײַבערס וואָס נאָך אים האָבן זיך דאָך בײַ אים געלערנט, און מיר לערנען זיך בײַ אים אַלע ביז הײַנט. עס איז גאָרניט אָפּצושאַצן, וויפֿל ער האָט אויפֿגעטאָן אויף צו מאַכן אונדזער שפּראַך רײַכער און שענער.

## אַ וואָרט צום סוף

ערשט איצטער זײַנען מיר פֿאַרטיק געוואָרן מיט אונדזער בוך. מיר האָבן מיט אײַך געמאַכט אַ לאַנגן שפּאַציר איבער דער געשיכטע פֿון אַלף-בית, און ווי באַלד די קונסט פֿון שרײַבן און פֿון דרוקן האָט אַרײַנגעטראָגן אַזוי פֿיל נײַס אין מענטשנס לעבן, איז קיין חידוש ניט, וואָס עס איז געקומען צו רייד וועגן היפּש אַנדערע ענינים פֿון קולטור-געשיכטע, פֿון געשיכטע בכלל. דערפֿאַר האָט זיך דער וועג פֿאַרצויגן.

אַ סוד וועל איך אײַך אויסזאָגן, אַז נאָך אַלץ האָבן מיר ניט אויסגעשעפּט די גאַנצע טעמע. עס זײַנען דאָ ניט דערמאָנט די דָגשן (פּינטעלעך אין די אותיות), וואָס שפּילן אַ ראָלע אין דער העברעיִשער גראַמאַטיק; די צונויפֿגעגאָסענע אותיות (ליגאַטורן), אַ שטייגער אַלף למד אין דרוק און נון דלת אין שרײַבן. איר האָט דאָ גאָרניט וועגן די טראָפּ וואָס איר זעט אין יעטווידער תנך. אפֿשר וואָלט טאַקע כדאַי געווען צו דערציילן וועגן שרײַבן נאָטן אויך. וועגן סטענאָגראַפֿיע וואָלט זיך דאָך אוודאי געוואָלט הערן. הײַנט ווו איז ברייל'ס בלינדנשריפֿט, ווו איז דער מאָרזע-אַלף-בית? אַ גוטער פֿרײַנד האָט מיר געזאָגט, אַז עס וואָלט ניט געווען קרום צו געבן בקיצור די גאַנצע

געשיכטע פֿון ייִדישן אויסלייג, אָנהייבנדיק פֿון די עלטסטע אויפֿגעהיטע מאַנוסקריפּטן אונדזערע. אויב עס פֿעלן אייַך נאָך זאַכן לאָזט מיך וויסן — ביי אַ צווייטער אויפֿלאַגע קען דאָס מיר דינען.[1] אָבער טאָמער ווילט איר זען, וויפֿל עיניינים עס זיינען יאָ אַרומגערעדט, גיט אַ קוק אינעם צעטל סוף בוך. און זאָל זיין געזונט פֿאַר הייִנטיקס מאָל.

טאָמער איז אייַך עפּעס געבליבן ניט קלאָר, איז אָן בייז: לייענט איבער נאָך אַ מאָל. טייל מאָל איז געקומען צו רייד וועגן האַרבע זאַכן, און צו האַרבע זאַכן דאַרף מען צולייגן קאָפּ. אָבער טאָמער האָט איר אויסגעלייענט מייַן בוך און יאָ פֿאַרגעדענקט וואָס דאָ שטייט, מעגט איר זאָגן אויף זיך אַליין, אַז איר פֿאַרשטייט שוין עפּעס אין די שוואַרצע פּינטעלעך.

און אַז מען קען עפּעס, גייט מען ווייַטער. עס איז דאָ פֿון וואַנען צו לערנען.

וואָס, אין אַזוינע ווייַטע זאַכן זיך נאָך ווייַטער אַרייַנלאָזן הייִנטיקע שווערע צייַטן? יאָ, לערנען דאַרף מען אַלע מאָל, און אין שווערע צייַטן דווקא. די בייזע רוחות וואָס לאָקערן אויף אונדז קענען אונדז אויף אַ צייַט פֿאַרשטעלן דעם וועג צו דער מאַטעריעלער וועלט, אָבער דעם וועג צו דער וועלט פֿון גייַסט קען מען פֿאַר אונדז ניט פֿאַרשפּאַרן. וואָס עס זאָל ניט זיין — מיר וועלן בלייַבן געטריי דעם גייַסט פֿון זוכן יושר און אמת, פֿון שטרעבן צו יושר און אמת, פֿון קעמפֿן פֿאַר יושר און אמת.

---

[1] ס'קען אייַך זייער צו ניץ קומען זיך צו באַקענען מיט ז. קלמנאָוויטשעס אַרטיקל אלף־בית אין דער „אַלגעמיינער ענציקלאָפּעדיע" III (1936), זז' 261–268.

ייִדן זײַנען ניט קיין פֿאָלק פֿון נעכטן, מיר זײַנען אַ פֿאָלק מיט אַ היסטאָריע פֿון טויזנטער יאָרן. מיר האָבן געזען דאָס פֿאַלן פֿון אַשור און בבֿל, פֿון יָוון און רוים. ווי פֿל מאָל זײַנען פֿאַר די אויגן פֿון אונדזער פֿאָלק מקוים געוואָרן ישַעיה הנָבֿיאס ווערטער וועגן די פֿירשטן וואָס ווערן פֿאַרקערט צו ניוועץ: זייער שטאַם איז נאָך צו מאָל ניט אײַנגעוואָרצלט אין דער ערד, ווערן זיי שוין פֿאַרטריקנט און אַ שטורעם טראָגט זיי אַוועק ווי שטרוי. מיר האָבן געזען שלעכטע און גאָר שלעכטע צײַטן, און מיר זײַנען בײַגעשטאַנען קעגן אַלע שׂונאים און פֿלעגן אַרויסגיין געשטאַרקטע פֿון די ניסיונות. דער גײַסט וועט אונדז געבן כּוח איבערצוקומען די פּײַן פֿון אונדזער תּקופֿה אויך. מיר וועלן זיך הײַנטיקס מאָל אויך דערוואַרטן אויף אַ לויטערן הימל. ווי האָט געזאָגט דער גרויסער פֿראַנצייזישער געלערנטער פּאַסטער:

„איך בין אין גאַנצן זיכער, אַז סוף־כּל־סוף וועלן וויסנשאַפֿט און שלום בײַקומען די עם־הארצות און די מילחמה און די פֿעלקער וועלן דורכקומען צווישן זיך ניט אויף חרובֿ צו מאַכן, נאָר אויף אויפֿצובויען.“

לאָמיר געדענקען:

דעם אמת קען מען נאָר צושטיקן, אָבער ניט דערשטיקן.

# זוכצעטל

*

דאס בוך האט געזעצט אוריה צינמאן
די געמעלן האט צוגעגרייט צום קלישירן חיים מוניץ
(געמעל 89 — אומע אלקעניצקי)
די השגחה איבערן דרוקן האט געהאט חיים גינינגער

# אויסלייגן ייִדיש ווי ס'געהער צו זײַן

קען מען זיך אויסלערנען פֿון די

# תקנות פֿון ייִדישן אויסלייג

אַרויסגעגעבן פֿון

ייִדישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט

ווילנע 1937, 34 זײַטלעך

*

דער ייִוואָ גרייט אויך

# אַן אָרטאָגראַפֿיש ווערטערבוך





*

דער אַדרעס פֿון ייִוואָ:

ווילנע, וויוולסקי־גאַס 18

**Żydowski Instytut Naukowy**

**ul. Wiwulskiego 18, Wilno**

P. K. O. **700.968** פק"אָ